David Casell

דוד קאסעל.

Ovend-blasskeit

# אָווענד־בלאַסקייט.

נאָוועלען.




Warsaw

פערלאַג א. גיטלין, וואַרשוי,
נאַלעווקי איוואַגאָוו. באַזאַר № 1

תרע"ג 1913

געזעצט ביי א. שריפטגיסער, וואַרשא, סאַפעזשינסקאַ 8.

געווידמעט דער ליעבער
פעליע ק. —

# אין א הערבסט-נאכט.

# אינהאַלט:








# אין אַ הערבסט־נאַכט.

פֿאַרהאַן נעכֿט שוואַרצע, געדיכֿטע און שווייגענדיגע. אויפ׳ן הימעל איז גאָר קיין זכר נישטאָ פֿון שטערען, נאָר עס איז אויך קיין הימעל נישטאָ און עס איז אויך קיין נאַכֿט נישטאָ. עס דאַכֿט זיך, אַז די ערד האָט זיך אונטערגעקייקעלט אונטער אַ גרויסער און געדיכֿטער פֿינסטערניש, פֿון וואַנען זי וועט שוין קיינמאָל נישט קיינען אַרויס. אין אָט דער פֿינסטערניש, וואָס איז נישט עהנליך צו נאַכֿט, וועט זי שוין פֿערבלייבען אויף אייביג, די גאָלדענע זון וועט זי שוין מעהר נישט קושען, די טרוימערישע לבנה וועט זי שוין מעהר נישט גלעטען, אַ צאַרטע, אַ פֿערליעבטע און אַ בלאַסע — און עס טהוט באַנג די ערד.

די דאָזיגע נעכֿט ברענגט דער מעלאַנכֿאָלישער און טריבער הערבסט. ער ברענגט זיי געצעהלטע, אפשר נישט מעהר ווי אַ דריי פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון זיין הערשאַפֿט, און מיט אַ בעזונדער אָבגעהיטקייט, פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען די בלו-

מען פון זיין הארצען, טיילט ער זיי פונאנדער און לאָזט זיי איינציגוויין און שטיל אַראָב אויף דער ערד. אין אָט די נעכט, ווי אַלע נעכט, ברענען אין די גאַסען פּאָנאַרען, די פענסטער פון די רייכע קראָמען זענען פערגאָסען מיט שרייענדע פייערן, נאָר זיי, די פייערן, זענען בעזונדער און די נאַכט איז בעזונ-דער. זי שטעהט הארטביים גלאָז פון פּאָנאַר, ווי אַ שוואַרצע געדיכטע וואַנד, און שווייגט מיט אַ שווערען טריבען שווייגען און קיין איין פּאָנאַרען-שיין קען נישט דורכלעכערן חאָטש אויף אַ צאָהל די שוואַרצע שווייגענדע וואַנד. און דעריבער זעהען אויס די גאַס-פייערן קאַלט, נישט-פרעהליך און שוואַך, פּונקט ווי זיי וואָלטען זיך געבעטען, מען זאָל זיי צונעהמען. דעמאָלט שפּאַצירט מען נישט לאַנג, די שוואַרצקייט פאַלט דורכ'ן אויג אין האַרץ אַריין און מען איילט אַהיים. אָט געהט אַ פערליעבט פּאָר'ל. דאָס פּאָר'ל געהט פון אַ קליין היימליך צימער'ל, וואו מען האָט זיך געקושט און געוועזען אַליין, מען געהט נאָך פרעה-ליכע, לאַכענדיגע און מען רעכענט אין גאַס צו דערשטיפען דאָס, וואָס מען האָט פערפעהלט אין צימער'ל. ער נעהמט אָן איהר האַנד — ער האָט ביי זיך אין קאָפּ אַ גאַנצען פּלאַן, ווי אַזוי ער וועט אין גאַס, ביינאַכט, פערענדיגען מיט איהר דאָס שטיפען, און צוציהענדיג די האַנד, וויל ער איהר אַריינ'סוד'ען עפּיס אין אויער. דאָס דאַרף זיין דער אָנהויב. נאָר פּלוצלונג שטעלט ער זיך אָב, אַנטקעגען איהם ציטערט דאָס בלייכע פּנימ'ל פון אַ פּאָנאַר, עס ציהען זיך אויף רעכטס און אויף לינקס, אַרויף און אַראָב שוואַרצע סמוטנע שווייגענדיגע וועגד, קיין הימעל איז נישטאָ, די ערד ליעגט אונטער די פיס שוואַרץ ווי אַ תּהום — און דער געליעבטער לאָזט-אָב די האַנד, פערשפּי-לעט אויף אַלע קנעפּלעך דעם הערבסט-מאַנטעל און פיהרט זי אָב, אָהן ווערטער, אַהיים. קרעמער פערשליסען פריה די קראָ-מען מיט דעם אויסרייד, אַז זיי מוזען היינט איבערקוקען די קאַסע-ביכער, נאַכט-דאָקטוירים פּאַראַליזירען די גלעקלעך ביי דער טהיר און אויף די ראָג-גאַסען שטעהען גאָראָדאָוויעס, ווי שטיקער פון דער דאָזיגער נאַכט, שטומע געלייהמטע שאָטענס,

און נאָר דאָס שטיקעל מעש ביי זיי אויף די היטלען בלייכט מיט אַ מאָדנער דייטליכקייט, וואָס קאָן דערשרעקען — דאָס פּנים איז פערהאַנגען מיט נאַכט און דאָס שטיקעל מעש בלייכט זיך יאָ אַרויס.

איך געה דורך איין גאַס, צוויי גאַסען, און זעה נישט קיין מויערן און זעה נישט קיין הימעל און הער נישט דאָס קלאַפּען פון דראָזשקעס. עס בעפאַלען מיך מאָדנע געדאַנקען, און ביז איך דערגעה אַהיים, טראַכט איך, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, אויף געוויס אַ גאָט, די ביכער, וואָס ליקענען אין איהם, זענען נאַרישע און פּלאַכע; אַז עס איז דאָ אַנ׳אַמשדאי און אַ שטן און אַ סך מקטרגים און מלאכים און גרויסע צדיקים און געוואַלדיגע רשעים און אַ גיהנם, וואו מען ברענט און מען שמייסט, און אַ גן-עדן, וואו מען טרינקט וויין און מען לערנט תּורה, און אברהם אבינו דרעהט זיך אַרום מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און שטעקט-אָב אַ וואַרימען שלום-עליכם די ניי-אָנגעקומענע. נאָר צי בין איך זינדיג?

אין אָט אַזאַ נאַכט זענען מיר געזעסען ביי דעם קלוגען און מידען לאַנדוי׳ן. מיר זענען געווען זאַלבעצעהנט — אַכט מאַנסביל און צוויי פרויען, און איינע פון די צוויי איז געווען לאַנדוי׳ס פרוי. אין צימער איז געווען ליכטיג, היימליך, מען האָט דערלאַנגט טהיי און עס איז אַוועק אַ שמועס. צום ערשטען האָט מען, דאַכט זיך, גערעדט פון קאַלאָשען, דערנאָך פון באַ-לעט. דעם באַלעט, האָט מען זיך אַרויסגעזאָגט, שטעהט פאַר אַ גלענצענדע צוקונפט, און מיט דער צייט, קען זיין, וועט דעם מענשענס קערפּער קענען אויסדריקען דורך פערשידענע בעוועגונגען און בויגונגען גאַנצע מוזיקאַלישע סימפאָניעס און אפילו פילאָזאָפישע טראַקטאַטען. שען און גראַציעז איז דער באַ-לעט, און ער, אַלס קונסט, וועט בלא ספק אָבפרישען די מענשהייט. מען האָט לאַנג גערעדט אויף דאָס טהעמאַ און ביי-דע זענען געווען אויפמערקזאַם: אי די ריידער, אי די צוהערער. איבריגענס, האָבען נאָר די פרויען גערעדט, און דינה, לאַנדוי׳ס פרוי, איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז זי האָט בעדויערט איהר יו-

גענד. אפשר וואָלט דער באַלעט, ווען ער וואָלט פריהער גע-
ווען אַזוי פּאָפּולער און אָבגעשאַצט, ווי איצט, איהר געביט
געווען און איהר לעבען וואָלט אָנגענומען גאָר אַנ׳אַנדער ווענ-
דונג. ביי איהר זענען שוין געווען אומעטיגע אויגען און אַנ׳אומע-
טיגער שמייכעל, פּונקט ווי זי האָט ווירקליך פערלוירען דערפון,
וואָס די אידעען פון באַלעט האָבען פערשפּעטיגט. און עס איז גע-
ווען עפּיס אונאָנגענעהמעס אין דער הייסטיגקייט פון איהר אומעט,
ווי אַ מאַכטלאָזע פּרעטענזיע, ווי אַנ׳אונגאַטירליכע תנועה. נאָך
גאָר נישט לאַנג איז זי געווען אַ שענע פרוי מיט דונקעל-בלאָנ-
דע האָהר און מיט אַ פרעהליכען טריט. זי האָט זיך ליעב גע-
האַט צו פּוצען און איינצוליעבען אין זיך יונגע-לייט, גאָרנישט
געבענדיג זיי. נאָר אַ פרוי, אַז זי נעהמט וועלקען, געהט עס
צו ביי איהר מאָדנע גיך. און אָט האָט דינה געקראָגען פער-
דראָסיגע דראָבנע קנייטשען אויפ׳ן פּנים, יענע קנייטשען, וואָס
זויגען אויס די יונגקייט און מאַכען דאָס פּנים שטאַר, אויסגע-
צויגען און דאָך נישט אַלט, וואָס איז נישט אַהין, נישט אַהער.
מיר האָבען אַלע געוואוסט דעם סוד פון איהר וועלקען. דאָס
איז געווען קינדער-האָדעוואַניע און יענע שמערצליכע און נאָ-
גענדע מחלה, וואָס הייסט אייפערזיכטיגקייט. זי האָט געאייפערט
לאַנדוי׳ן. געהענדיג אין גאַס, האָט זי געאייפערט, איינליעבענ-
דיג אין זיך אַ בעקאַנטען יונגענמאַן, האָט זי געאייפערט; זי-
צענדיג אין טעאַטער, גרייטענדיג צום טיש דעם מיטאָג, לאַכענ-
דיג פון אַ וויץ, וואַשענדיג דעם קינד דאָס קעפּעלע — אומעטום
איז אויף אַ רגע נישט אָבגעטראָטען פון איהר דאָס געפיהל, און
צוזאַמען מיט דער קינדער-האָדעוואַניע איז דאָס געווען אַ גאַנץ
שווערער פּעקעל, פון וועלכען עס האָט זיך געקענט קנייטשען
דאָס פּנים. לאַנדוי איז אייגענטליך געווען יאָ און נישט שולדיג
און עס איז אויףביידען געווען אַ רחמנות.

עס קען זיין, אַז דינה וואָלט לאַנג גערעדט וועגען איהר
פערפאַלענער יוגענד, וואָס איז געוואָרען איהר געליעבט טהע-
מאַ, און דעמאָלט וואָלט זיין אי לאַנגווייליג, אי שווער. נאָר
עמיצער פון אונז האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען ריידען וועגען פרוי-

און דאָס האָט באַלד אַלעמען בעוועגט. ניין מיינונגען זע-נען געווען אַרויסגעזאָגט געגען פרויען, און אַז עס האָט גע-האַלטען ביים צעהנטען, האָט ער זיך פערהאַקט און געבעטען אַ גלאָז וואַסער. דאָס איז געווען אונזער גוטער, אָריגינעלער און אויפריכטיגער האָפמאַן, דער האַלבער דאָקטאָר און האַלבער יו-ריסט, וואָס האָט זיך געוואָרפען אויף די פאַקולטעטען, ווי אַ פיש אין וואַסער און דאָך נישט געענדיגט די אוניווערזיטעט, דער צאַרטער מעלאַנכאָליקער און שטענדיגער וואַנדערער, וואָס האָט אַזוי פיעל אָנגעזעהן וועלט און לעבען. געווען איז ער פון מיטעלער וואוקס, זעהר אַ בעוועגליכער און אַ ריהרעוודיגער, מיט ברענענדיגע שוואַרצע אויגען, מיט אַ שוואַרצען קאָפּ האָהר און מיט אַ בלייך און מאָגער פּנים. דער שפּיץ נאָז איז געווען צוגעבויגט צו די וואָנסען, און דאָס יודישע אויסזעהן זיינס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען פאַר אַ מייל. נאָר מיר אַלע האָ-בען איהם וואונדערליך ליעב געהאַט, ער איז געווען אונזער ליעבלינג, מיר האָבען איהם אַלע אונפערשטענדליך אָנגעטרויט די סאַמע אינטימסטע סודות אונזערע, און אַז ער פלעגט אַוועק-פאָהרען, פלעגען מיר זיך די ערשטע צייט פיהלען אַזוי ווי נישט געזונד, פונקט ווי אַ וואָרים שטיק האַרץ וואָלט אויסגעריסען געוואָרען. פערקעהרט, ער מיט אונז איז געווען איינגע-האַלטען, נישט זעהר ריידעוודיג, מעהר געשוויגען, נאָר דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען העכסט אויפריכטיג.

ער האָט אָבגעטרונקען פון גלאָז, האָט זיך בעקוועמער אַנידערגעזעצט אויפ'ן שטוהל, צונויפגעלעגט די הענד אויפ'ן שויס, און, אַ קנייטש טהאָענדיג דעם שטערן, האָט ער אָנ-געהויבען:

— ניין מיינונגען זענען דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרען געגען פרויען, דערין שוין אונזערע דאַמען אויך... יאָ, דאָסמאָל האָ-בען אונזערע דאַמען געהאַט זעהר אַ שווערע אויפגאַבע: געהן געגען פרויען און גלייכצייטיג זיין איינפערשטאַנדען מיט מאַנס-ביל. איבערהויפּט, פערשטעהט זיך, דאָס לעצטע... אָבער אונ-זערע דאַמען האָבען עס דורכגעמאַכט גאַנץ דרייסט, אַזוי, אַז

מען קען זיי ממש מקנא זיין. איהר האָט געהערט, וואָס פרוי לאַנדוי האָט געזאָגט? דאָס איז זעהר וויכטיג: אַז דער מאַנסביל אין כלל איז טויזענדער מאָל בעגאַבטער פאַר דער פרוי, אַז פון זיין האַרץ קען מען מאַכען דריי פרויען-הערצער און אַז נאָר אַ מאַנסביל איז גוט אָנצופערטרויען אַ סוד... דער סוד ווי דער סוד, נאָר אַז אַ פרוי געהט אַזוי געגען פרויען, איז שוין דערין פאַרהאַן אַ סך.

— אַלע מאַנסביל, אָבער אויסער לאַנדוי׳ן, — האָט דינה קרענקליך אַ שמייכעל געטהאָן.

— פערשטעהט זיך, אויסער דעם מאַן... — האָט לאַנדוי איראָניש צוגעשטימט.

— נישט בעסער האָט זיך אויסגעדריקט אונזער צווייטע דאַמע — האָט האָפמאַן ווייטער גערעדט, — מיט אַ פרוי קען מען אין איין צימער נישט וואוינען, אַ פרוי איז דאָס רוב קליינליך, אַ פרוי איז שטענדיג פערטהאָן מיט קליינליכער נקמה, אַ פרוי האָט פיינט דעם אמת, אַ פרוי טראַכט אַנדערש און רעדט אַנדערש, אַ פרוי איז פאַלש אפילו צו איהר אייגען קינד, און אַז עס הערט איהר נישט אויף צו פערדריסען, וואָס זי איז געבוירען געוואָרען אַ פרוי. אינטערעסאַנט, די זיעבען מענער האָבען זיך אויסגעשפראָכען בעדייטענד ווייכער... יאָ, איך וועל אויך זיין געגען פרויען, נאָר אַזוי ווי די אַרבייט איז שוין אָהן מיר אָבגעטהאָן געוואָרען, וועל איך נאָר אָנווייזען אויף דעם גרויסען פעהלער, אויף דעם גרויסען פערזעהן, וואָס איז דאָ בעגאַנגען געוואָרען, און איך וועל ריידען פאַר דער פרוי... וואַרט-נאָר צו, איילט זיך נישט. דרויסען איז אַנ׳אויסטערלישע הערבסט-נאַכט.

האָפמאַן איז אַנטשוויגען געוואָרען, און אַלע האָבען זיך מאָדנע אָנגעקוקט.

— איך בין שוין נישט קיין פרוי, — האָט דינה ווייך אַרויסגעזאָגט, — איך וויים אויך נישט, וואָס איך בין איצט. עט! די גאַנצע וועלט איז אַ חלום, זאָגט מען ערגעץ אין אַ פאָלקס-ליעד...

— פאַרוואָס, דינה׳לע? — האָט זי געטרייסט די צווייטע דאַמע אונזערע, — פונדעסטוועגען איז די וועלט אַ וועלט און פרויען זענען אַ כּח... מיין מאַמע האָט געהאַט אַ ווערטיל: וואָס וואָלט געטהאָן די וועלט אָהן פרויען...

די צווייטע דאַמע איז געווען אַ הויכע, אַ דיקע און אַ יונגע פרוי, וואָס האָט איבער איהר דיקקייט אויסגעזעהן אַ סך עלטער, ווי זי איז געווען אין דער ווירקליכקייט. וועגען איהר זענען געגאַנגען פערשיעדענע קלאַנגען, וואָס וועגען זיי האָט מען הויך נישט געקענט ריידען, דער מאַן איהרער איז גע-שטאָרבען אַ יאָהר נאָך דער חתונה, קיין צווייטען האָט זי נישט גענומען, לעדיגע צייט האָט זי געהאַט אַ סך, איז זי געזעסען ביי אלע איהרע בעקאַנטע טאָג-טעגליך און האָט וועגען אַלץ גערעדט, און חאָטש איהר נאָמען האָט געהאַט אַ פגימה, דאָך איז זי אומעטום פריינדליך אויפגענומען געוואָרען. עפּיס האָט זיך געגלויבט אין איהר גוטסקייט, אין איהר אויפריכטיגקייט, חאָטש קיינער האָט קיינמאָל בעזונדערס נישט אַרויסגעזעהן די דאָזיגע צוויי מעלות.

האָפמאַן האָט זיך בעקוועמער געמאַכט, פערלעגט אַ פוס אויף אַ פוס און אַ ציה געגעבען די שפּיצען וואָנסען.

— לאָמיר ווייטער ריידען, — האָט ער געזאָגט — וואָרום אַניט זענען מיר פערפאַלענע. אונזערע דאַמען וועלען נעהמען בעקלאָגען זייער יוגענד און מיר וועלען זיך נישט קענען אויס-צאָהלען... איהר האָט בעמערקט: פרויען נאָך דער חתונה האָ-בען זעהר ליעב צו בעקלאָגען זייער יוגענד... נאָר לאָמיר נישט אַוועקבלאָנזשען אויף אַנ׳אַנדער וועג. יאָ. ריידענדיג אין כּלל וועגען פרויען, האָט מען גאָר אינגאַנצען פערגעסען אָן דעם זיעבעצעהן-אַכצעהן-יעהריגען מיידעל. אָט דעם פעריל, אָט דאָס עכטע מלאכ׳ל האָט מען נישט אויסגעטיילט בעזונדער, מען האָט זי גאָר נישט דערמאָהנט אפילו, און דעריבער, פערשטעהט זיך, האָט מען געקענט זאָגען אויף פרויען וואָס מען האָט גע-וואלט. וואָרום אייגענטליך איז אָט דער פעריל נישט נאָר אַ פרויען-ציערונג, נאָר אויך אַ מענשען-ציערונג, און, האָבענדיג

איהם, קענען זיי זיך פערמעסטען, אויב איהר ווילט, אפילו מיט דעם ברייטען, בעגאַבטען און אַלמעכטיגען מאַנסביל. יאָ, דאָס זיעבעצעהן-אַכצעהן-יעהריגע מיידעל... נישט אַלע, נישט איגגאַנצען, אויך נישט דער רוב זייערער. דאָס איז אַ קלייגער טייל פון די זיעבעצעהן-אַכצעהן-יעהריגע מיידלעך, און נישט אומזיסט זענען זיי אַזוי וועניג — זיי זענען פעריל. די נשמה זייערע איז אַזוי שען ווי זייער לייב, ווי זייער טראָט, און שטענדיג ביים אָנבעגעגענען זיי, דאַכט זיך, אַז אַ פעריל האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ מיידעל און געהט אום אויף דער ווייסער וועלט. איך האָב נאָר-וואָס דערמאָהנט איהר נשמה. דערויף האָב איך פערברויכט נאָר אַ פּאָר ווערטער. ניין, מיט אַ פּאָר ווערטער קען מען נישט אָבמאָלען אַזאַ קוואַל פון מענשליכער שענקייט. די נשמה ביי אַ יעדען מענשען קומט מיר אויס ווי אַ שטערענדיל מיט אַ בעזונדער פאַרב: פאַרהאַן אַ בלוי׳ס, פאַרהאַן אַ גרינ׳ס, אַ ווייס, אַ געלב׳ס און אַ רויט׳ס, און אפשר אויך אַ שוואַרצ׳ס. זיצט זיך אַזאַ שטערענדיל אין האַרצען און פון די אויגען לייכט אַרויס די פאַרב זיינע. מיר האָבען אַלע ליעב דעם מענשען, וואָס דאָס שטערענדיל, וואָס זיצט ביי איהם אין האַרצען, זאָל זיין אַ בלוי׳ס ווי דער הימעל, און אונז אַלעמען איז נישט געפעלען דער מענש, ביי וועמען דאָס שטערענדיל איז אַ געל׳ב׳ס. נאָר דאָס דאָזיגע מיידעל מאַכט אויף מיר שטענדיג דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט געטראָגען אין האַרצען נישט אַ שטערענדיל — נאָר אַ גאַנצע לבנה, אַ בלויליכע, אַ זאַכטע און אַ שטילע. און פון דעם מיידעל׳ס אויגען פאַלט אויף אייך אַ ליעבער און אַ צאַרטער שיין. דאָס איז לבנה-ליכט פון אַ שטילער וואייכער זומער-נאַכט, און זי וועט אייך פער׳כשופ׳ען און פערצערטלען, ווי אַ זומער-נאַכט.

— איך וואָלט געזאָגט, אַז זי איז גאָט׳ס ליריש ליעד, ווען דאָס וואָלט נישט געווען וואולגאַר. פערשטעהט איהר, עס איז אין איהר דאָ אַ זעלטענע האַרמאָניע, סיי אַנ׳אויסערליכע, סיי אַנ׳אינערליכע, עפּיס אַ וואונדערבאַרער ריטם, אַ גאַנצע מעלאָדיע, וואו יעדער טאָן איז אָנגעפילט מיט נשמה. ווער, ווע-

מען קענט איהר צו איהר גלייכען? אַ מאַנסביל איז דאָס רוב חנ'עוודיג דאָס גאַנצע לעבען זיינס, נאָר בעזונדערס שען און ליעב איז אַ זיעבעצעהן-אַכצעהן-יעהריג בחור'ל מיט זיין גרינעם און שטראַהלענדיגען וועלט'יל. אָבער ווי קומט ער צו איהר? קען מען זיי דען פערגלייכען? דאָס בחור'ל איז שען און נאַ-איוו, אָבער ער איז נישט רייף, ער איז נישט צייטיג, ער איז ערשט אַ ברעקעל פון אַ גאַנצען, וואָס האַלט אין ווערען. ער איז נאָר אַנ'אַקאָרד פון אַ שענער מעלאָדיע. דאָס מיידעל אָבער אין איהר אונגעהויער שענקייט און נאַאיווקייט איז אינ-גאַנצען פאַרטיג, אינגאַנצען פערענדיגט. מיט דעם בחור'ל קענט איהר וועגען הויכע און פערפלאָנטערטע ענינים נישט ריידען. קיין קונסט וועט ער נישט פערשטעהן. ער האָט קיין אַהנונג נישט פון פסיכאָלאָגיע, איהם איז ווייט יעדער פילאָזאָפישער געדאַנק. ער דאַרף ערשט צו דעם אַלעם דערוואַקסען. צו דעם מיידעל אָבער קענט איהר צוגעהן מיט דעם העכסטען געדאַנק, מיט דעם שענסטען ליעד, מיט דעם טיעפסטען וואָרט. זי וועט אייך באַלד פערשטעהן — טיעף, פריש און אָריגינעל. אין איהר פערשטעהן וועט ליעגען אַ שטיק פון איהר נשמה, אויפ'ן פנים וועט איהר לעזען איהר געדאַנק, און, געבענדיג איהר צו פער-שטעהן, וועט דער ענין אייך גופא אויסקומען אינטערעסאַנטער און טיעפער. אפשר אַ קליין הקדמה'לע וועט איהר דאַרפען פרי-הער — און איהר מעגט איהר מוטהיג געבען דעם גרויסען רוהי-גען געטהע, דעם טיעפען לויטערן שעקספיר, דעם אַריסטאָקראַ-טיש-לירישען און צאַרטען בייראָן; גיט איהר פילאָזאָפען — קאַנט'ן, העגעל'ן, ספינאָזאַ'ן און אפילו מאַרקס'ן... זי וועט זיי אַלעמען פערשטעהן. זי האָט אַ וואונדערליך עלאַסטישע נשמה, די נשמה ציהט זיך פונאַנדער און וועט זיי אַלעמען אַרומנעה-מען. שפיעלט פאַר איהר סימפאָניעס, ווייזט איהר בעטכאָווענ'ען, מאָצאַרט'ן, וויקעלט פונאַנדער פאַר איהר די רייצענדע און מע-לאַנכאָלישע סאָנאַטעס פון דעם לירישען שאָפענ'ען, די אויסגע-האַלטענע, אויסגעמאָסטענע אָראַטאָריעס פון באַכ'ן, די נייקייטען

פון וואַגנער'ן — זי האָט פאַר זיי אַלעמען נשמה, זי וועט זיי אַלעמען טיעף בענעהמען.

דאָס איז אָבער בשום אופן נישט גאָר. פון איהר קען מען עפּיס מאַכען... איהר גיט ריכטונג איהר נשמה, וועט זי פונאַנדערשפּרייטען איהרע פליעגלען. איהר וועט אויפהויבען די אויגען און וועט זיך אַליין נישט גלויבען: גאָט, זי פליהט צווישען די וואָלקען.

איהר קענט פון איהר מאַכען אַ רעוואָלוציאָנערין פון גרויסער מאָס און וואָרט. זי וועט שטעהן אין דער ערשטער רייה, און איהר ליכט וועט וואַרימען די איבעריגע רייהען. פון אַלע זייטען וועט אָהן רחמנות האָגלען מיט קוילען, מען וועט פאַלען ווי פליעגען, נאָר אפילו דער סאַמע שוואַכסטער וועט בלייבען שטעהן אויף די פיס ביז דער לעצטער מינוט. וואָרום כל־זמן זי שטעהט, מוז שטעהן דער שוואַכסטער. זי וועט איהם זעטיגען מיט מוטה און דרייסטקייט. זי וועיס נישט פון אַנטלויפען — און פון דער מינוט אָן, ווייס דער סאַמע שוואַכסטער נישט פון לויפען.

מען קען צו איהר קומען אין אַ מיטען מיטוואָך און ערקלערן, אַז עס איז נויטיג צו מאַכען אַ רייזע אויפ'ן נאָרד-פּאָל. פאַר דער מענשהייט, פערשטעהט איהר, איז נויטיג, אַז דער דאָזיגער פערפרוירענער און פערוואָרפענער עק-וועלט זאָל אויסגעפּאָרשט ווערען. זי וועט אייך אַריינקוקען אין די אויגען טיעף און שווייגענדיג און וועט אייך מרוצה ווערען. אין שטאָדט איז פריהלינג, מיידלעך שפּאַצירען אין קליידער פון אַ פרישער מאָדע, ביי יונגע לייט ברענען די אויגען מיט אַ זוכענדיגען אונרוהיגען פריהלינג-גלאַנץ, וואָס ווירקט אַזוי אויף פרויען, אויף די בולוואַרען שיט מיט מענשען, אויפגעלעבטע, שפּיעלענדיגע, פרעכע און נייגיריגע, און די איינגשאַפט צווישען זיי איז אַ הייסע און אַנ'אויפרעגענדע — נאָר זי שטעהט פאַר די אָפענע קאָרבען און פאַקט אַהין איהרע קליידער און ביכער: זי פאָהרט מיט אייך אויפ'ן נאָרד-פּאָל... דאָס איז זעהר נויטיג פאַר דער מענשהייט. יאָ, אַ סך מעגליכקייטען זענען פאַרהאַן אין דעם מיי-

דעל: זי קען זיין אַ דאָרפֿישער דאָקטאָר אין אַ העק און היילען פערלאָזענע פּויערים, און אַ באַרימהאַרציגע שוועסטער אין אַ בלוטיגער שלאַכט און אַ טעראָריסטין און אַ פֿאָלקס-העלדין, וואָס לאָזט איבער נאָך זיך בלויע שטילע לעגענדעס...

נאָר וואָס איז פֿאָרט איהר געביט? אודאי האָט זי איהר געביט, איהר ווינקעל, וואו זי איז בעזונדערס שטאַרק. איך מיין, אַז דאָס איז דער טונקעלער, פּאָעטיש-געמעלטער צימער און דער ראָמאַן... דער שטילער, טיעפער, ריינער און פּאָעטישער ראָמאַן. וואָרום פריהער פון אַלץ איז זי אַ פרוי, געוויס אַ פרוי, און אַ צנועה און אַ מוטער. מישט נישט, איך בעט אייך, איהר צניעות מיט דעם בעגריף פון דעם וואָרט, ווי עס פערשטעהען עס היינטיגע באַנאַלע מענשען. עס איז אָנגענומען, אַז ביי פרויען איז דאָ צניעות. דאָס איז אַ ליגען. מאַנסביל זענען אַ סך צניעות'דיגער פון פרויען. ביי דעם סאַמע פרעכסטען און האַמעטנעם מאַנסביל זענען פאַרהאַן מינוטען, ווען ער שעמט זיך פאַר זיך, פאַר זיין אויפפיהרונג, ווען ער בענקט נאָך ריינקייט און זוכט זי, ווי אַ דאָרשטיגער וואַסער אין מדבר, ווען ער האַלט זיך מיט אַמאָל אָב פון אַ מאוס וואָרט, פון אַ פרעכען טהאַט. פאַר די אויגען שטעהען די ריינע יונגעלשע יאָהרען זיינע, און ער האָט בפרוש פון גאַנצען האַרצען פיינט זיך, ד ע ם א י צ ט י ג ע ן, מיט דער פרעכער נאַקעטקייט. אַ פרוי האָט זעלטען אַזוינע איבערלעבונגען. אַ פרוי נויטיגט זיך דערין נישט, ווייל דער אַרטיקעל צניעות פעהלט איהר כמעט. און פרעכקייט האָט אייגענטליך אַ פרוי געגנוג, מעהר פון מאַנסביל, נאָר זי פעראיידעלט און פער'רמז'ט די פרעכקייט, זי טהוט זי אָן אין אַ קאָקעטיש מלבוש'ל, וואָס ווירקט, פערשטעהט זיך, נאָך ערגער. און גאָרנישט — זי בלייבט אונפערשעמט און רוהיג, און אפשר איינער פון צעהן טויזענד קומען די ריינע ליכטיגע קינדער-יאָהרען פאַר די אויגען און שטראָפען, שטראָפען... און וואונדערליך ווי פרויען זענען בעוואוסטזיניג אין זייער פרעכקייט, וואָס ביי פלאַכע מענשען ווערט עס אָנגענומען פאַר צניעות. פערפוצען דעם ביוסט און אויפהויבען דאָס קלייד, בעת

זיי געהען אין גאַס, איז ביי זיי אויסגערעכנט אויפ'ן צאָהל, און ווי נישט כשר איז זייער בליק! סאַמע אַנשטענדיגע פרויען קוקען דאָס רוב נישט כשר. איהר דערצעהלט זיי, אַז ס'איז איינגעפאַלען אַ הויז און פיער קינדער זענען פערשאָטען געוואָרען אונטער די ווענד. זיי האָרכען אייך אויס מיט גרויס שרעק — און קוקען אויף אייך נישט כשר. איהר פערשטעהט? קענען זיין נישט כשר אין שרעק!... אַזוינס וועט איהר נישט קריגען ביי דעם ערגסטען מאַנסביל.

יאָ, איך בין עטוואָס אַראָב פון וועג, און גאָר אונשולדיג. וואָרום וועניגער פון אַלץ קימערט מיך די עולה פון פרויען, וואָס זענען בעוואוסטזיניג אין זייער פרעכקייט. דערויף איז געזעצט דער פויפסט אין רוים. איך וויל אייך דאָ נאָר בעווייזען, ווי ווייט מיין כעריל איז די אמת'ע צנועה און ווי ווייט פרעכקייט געפינט זיך נישט אין איהר לאַגער. זי איז ריין און אונשולדיג ווי אַ לבנה-שטראַהל. אַז איהר קומט אין בעציהונג מיט אַזאַ מיידעל און איהר זענט פון נאַטור אַ ליגנער, וועט איהר באַלד אויסגעהיילט ווערען פון אָט דעם חסרון; זי וועט אייך מאַכען ווייך דאָס האַרץ, אויב איהר זענט אַ טרוקענער און אַ האַרטער. איהר וועט אויפהערען צו טרינקען בראָנפען, אויב איהט האָט עס ליעב, און אויב איהר זענט אַ קאַלטער, וועט איהר ווערען הייס און יונג ווי אַ קינד. און אָט דאָס אַלץ וועט זיך נעהמען פון איהר צניעות, פון איהר כשר'ן וואָרט און כשר'ן קוק, פון איהר ריינקייט און לויטערקייט. און מיינט נישט, אַז זי איז נישט קיין קאָקעטקע — די לבנה קאָקעטירט אויך... אַ שענע פרוי וואָלט זי געווען אָהן דעם. נאָר איהר קאָקעטעריע איז דער צאַרטער נויג פונ'ם בלומעל, פאַרטאָג, בעת עס הענגט דערויף טוי און עס געהט אויף די זון, איהר קאָקעטעריע זינגט דעם מאַנסביל פון אַ וואונדערליך-פאָעטישען צוזאַמענלעבען, פון אַ יונגער און שענער נשמה, וואָס זוכט אַ צווייטע.

נאָר אינטערעסאַנט, ווי דער פעריל איז די ערשטע צייט נישט פראַקטיש. ער האָט דאָך אַ טיעפע נשמה און אַ קלאָר

אויג, און איז דאָך נישט פּראַקטיש. און דאָס איז אייגענטליך פערשטענדליך. צו-גאַנץ, צו-האַרמאָניש איז דער פעריל. ביי מיר איז שוין דאָ אַ היבש מאָל אַרויסגעפאַלען פון מויל דאָס וואָרט לבנה, און איך מוז עס ווידער בענוצען. אַך, ווי דאָס מיידעל דערמאָהנט די לבנה... און פיעל מאָל דאַכט זיך, אַז די לבנה, אָט דער שענסטער און ליעבסטער שטערען איבער אונזער קאָפּ, האָט זי שטיל און לאַנגזאַם אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד דורך אַ צאַרטען בלויליכען שטראַהל. וואָרום דאָס מיי-דעל קוקט אויף אַלץ מיט אַ דורשטיגער נייגיריגקייט, פּונקט ווי פון דער לבנה געקומען און דער סאָציאַלער מישמאַש צווישען שטאַנד און פעלקער זעהט איהר אויס מסתמא אונגעהויער האַר-מאָניש, גוט און יושר׳דיג. געהט קלערט איהר אויף, אויב איהר ווילט. זי וועט אייך פערשטעהן... נאָר דערווייל האָט זי ליעב רייכע און אָרימע, פּרינצען און בעטלער, אפּיצירען און סאָלדאַטען, ברייטע רייכע שענע גאַסען, און אָרימע ווייטע און פערוואָרפענע ווינקלעך. פאַר איהר איז אַלץ אַ האַנד. איהר אויג קען זיך נישט אָנזעטיגען פון אַזאַ פערשיעדענאַרטיגקייט, פון אַזוי פיעל שאַטירונגען און פאַרבען און זי איז דורך און דורך שטילע, קינדישע און קלוגע ענטציקונג. די וועלט איז אָפען און איהר אויג איז אָפען. און ביידע קוקען איינע אויף די אַנדערע.

אַ מאַנסביל מיט אַ פּאָעטישען האַרץ קען זי לייכט דערקע-בען צווישען דער גרעסטער מענגע מענשען. אַמאָל אין טעאַ-טער, אַמאָל אין גאַס, צווישען שפּאַצירענדע, און אַמאָל אין צוג — פון וואַגאָן-פענסטער׳ל, ערגעץ אויף אַ סטאַנציע. עס גיט אַ שיין איהר געזיכט אויף אַ רגע און בלייבט שוין אויף אייביג אין זכרון. איך וועל אייך זאָגען ווי זי זעהט-אויס: זי איז שלאַנק און גראַציעז, נאָר די פאָרמען איהרע האָבען נאָך נישט בעקומען זייער לעצטע ליניע. די אַקסלען זענען נאָך עטוואָס שמאָל, דאָס פּנים האָט נישט קיין שטראַהלענדען עפעקט, נאָר אויף איהם רוהט אַ גרויסע פרישקייט און עפּיס אַ מאַטעוּוער חן, ווי עס טרעפט אַמאָל מיט דער לבנה, בעת זי איז פערדעקט

אין אַ לייכטען שלייער פון נעבעל. עס דאַכט זיך, אַז אָט, באַלד, וועט דער שלייער אַראָבפאַלען און אין זיין פולען גלאַנץ וועט אַרויסטרעטען אַ העל ליכטיג געזיכט. נאָר ווי טייער איז דער שלייער! גאָט מיינער, די גאַנצע שענקייט ליעגט דאָך אין איהם. און אָט דער שלייער איז אייגענטליך דער צייכען פון דעם מיידעל. איהר פערשטעהט, צוליעב אָט דעם שלייער זעהט איהר נישט די גאַנצע שענקייט איהרע: איהר זעהט די פאַרב פון אויג — און איהר פיהלט, אַז אָט די פאַרב קען נאָך זיין טויזענדער מאָל שענער; איהר זעהט דעם שטערן, אַ קליינער, אַ ווייסער און אַ פרישער — און איהר פיהלט, אַז דער שטערן קען נאָך זיין שענער; אייך בעצויבערן די ליפען: ראָזע, יונגע און זעפטיגע — און איהר ווייסט, אַז די ליפען וועלען נאָך בעקו-מען אַ שענערן אויסדרוק. גאָט מיינער, וויפיעל איז פאַרהאַן און וויפיעל פערשפּרעכט יעדע ליניע, יעדער שטריך פון איהר גע-זיכט. פערענדיגט איז נאָר דער שמייכעל איהרער, אַן'אינערלי-כער, אַ כשר-קאָקעטישער, אַמאָל אַ פערטראַכטער, אַמאָל אָנגע-זאַפּט מיט ענטציקונג און אַמאָל אַזאַ ווייכער, ווי דער אָטעם פון אַ זומער-נאַכט, און ער פליסט איבער'ן פנים אין אַ לייכטען שיין — פון די ליפען צו די אויגען, פון די אויגען צו די לי-פען. דער שמייכעל קען שוין שענער נישט ווערען. קיינמאָל נישט. אַזוי זענען שוין אויך איהרע האָהר. זיי זענען שוין אויך אינגאַנצען פערענדיגט: אַ לאַנגער, אַ געדיכטער צאָפּ, ער דער-גרייכט איהר, דאַכט זיך, ב״ז צו די קניה. מען קען פון איהם מאַכען אַן'אויסטערלישע פריזור, נאָר זי האָט ליעב אַ צאָפּ, וואָס רעדט אַזוי פיעל צום אויג פון דעם פּאָעטישען מאַנסביל. אָט דער צאָפּ — דאָס איז אַ חלום פערוואַנדעלט אין וואָהר, דאָס איז די ים-פּרינצעסין, וואָס שווימט אַרויס מיט איהרע לאַנגע געדיכטע האָהר פון רוהיגען בלויען ים אויף דער זון און נעהמט צונויף איהרע האָהר אין אַ לאַנגען צאָפּ. דאָס איז דאָס נישט בעשאַפּענע מעשה'לע, וואָס קומט ביינאַכט צו חלום יעדען יונ-געל. וואָס אָנבעלאַנגט א״הר טראָט — איז ער אונבעשרייבליך שען, נאָר ליידער זענען ביי אונז ווייניג מבינים פאַרהאַן דע-

רויף. דער טראָט פון אַ פרוי איז אין גרונד גענומען שענער פון דעם מאַנסבילשען. דער מאַנסבילשער איז דאָס רוב צו-ענער-גיש און במילא אפשר אויך צו-אומגעלומפּערט. ביי מאַנסביל איז אויך קיין סטיל נישטאָ אין טראָט. איהם האָט איינגעשלונגען די אַקטיוויטעט זיינע און די האַמעטנעקייט. קוקט זיך צו, ווי עס געהען פרויען. אין זייער גאַנג איז פאַרהאַן אַ סטיל מיט אַ ריטם, מוזיק, אַ זעלטענע געמאָסטענקייט סיי אין לייכטקייט, סיי אין בעוועגונג. פאַרהאַן אַזאַ טראָט ביי פרויען, וואָס דערמאָהנט אייך וואונדערליך אָן פריהלינג. איהר געהט אין גאַס און זענט פערנומען מיט אייערע מחשבות — דאָסמאָל גראַדע טריבע. פּלוצ-לונג בעמערקט איהר אַ טראָט פון אַ פרוי — און איהר פערגעסט מיט אַמאָל אָן אייערע מחשבות. אין דמיון לייכט אייך אויף אַ פריהלינג, און איהר דערמאָהנט זיך, אַז דעם און דעם פריה-לינג זענט איהר דאָרטען און דאָרטען געווען גליקליך... פאַר-האַן אַזאַ טראָט, וואָס מאַכט אייך מאַכטלאָז, וואָס נעהמט ביי אייך אָב דעם מוטה, און פאַרהאַן אַזאַ טראָט, וואָס פאַנגט אייך, וואָס דערצעהלט אייך, וואָס זינגט אייך און וואָס גיט אייך צו האָפנונג. נאָר אָט דער פעריל האָט גאָר אַן אַנדער טראָט. בשעת איהר זעהט איהם, בעפאַלט אייך איין געפיהל: דער הימעל איז שען און די וועלט איז שען און דער מענש איז שען, און עס איז אַזוי גוט צו לעבען — צו לעבען און ליע-בען. און נאָר ליעבען... יאָ, אַזאַ טראָט האָט זי.

— נו, — האָט האָפמאַן געזאָגט נאָך אַ קליינעם שווייגען — דאָס איז די גרויסע פּרויען-און-מענשען-ציערונג, און פאַר אַזאַ מיידעל איז כדאי אָבצוגעבען די קורצע און האַסטיגע זיעבעציג יאָהר אין איין טאָג. וואָרום אַ טאָג מיט איהר איז אַ בליץ פון גרויסען אונבעגרייפליכען גליק. נאָר איך בין זיכער, אַז עמי-צער פון אייך וואַרט שוין מיט אַ געזאַלצענער פראַגע: וואָס עפּיס דאָס זיעבעצעהן-אַכצעהן-יעהריגע מיידעל? וואו איז זי, אַז זי איז אַלט פינף-און-צוואַנציג יאָהר און דרייסיג און מעהרער? פאַרוואָס נאָר דאָס זיעבעצעהן-אַכצעהן-יעהריגע? דאָס איז אַ גע-רעכטע און דעריבער טאַקי אַ געזאַלצענע פראַגע. טיילמאָל איז

שוועך דערויף צו ענטפערן. דאָס איז אַ פּעריל, פערשטעהט איהר, און ער קען קאַליע ווערען. מען דאַרף וויסען ווי זיך צו בע-געהן מיט איהם. אָט דער טיפּ, ווי געזאָגט, איז צווישען מייד-לעך פאַרהאַן זעהר ווייניג און צווישען פרויען — נאָך ווייניגער. דער טאָפּ פּראָזע, וואָס פערנעהמט די קיך און פּליסט פון דאַר-טען, ווי אַ געוויסער, אין די איבעריגע צימערן, די נאַרישע פלאַכע און פּוסטע געשפּרעכען אין די זאַלען, די גרויע קאַלטע טעג פון פאַמיליען-לעבען — מאַכען זי אינגאַנצען קאַליע, רייבען-אָב איהר רייץ, און דעמאָלט ווערט זי פּונקט ווי אַלע פרויען. איבריגענס, איז דאָס נישט אינגאַנצען ריכטיג. זיי דערגעהען נישט ביז קאַליע ווערען, ביז אַ בעל-הביתי'שע פרוי, וואָס האָט ליעב דאָס טעפּיל, דעם מאַן, אַ ביסעל רכילות, אַ ביסעל פּי-לאַנטראָפּיע און אַ קליידעל. זיי מאַכען זיך אַ טויט בעסער: סם, וואַסער, טשאַד... און אין די שענע ליניען פון זייער קערפּער ליעגט בעהאַלטען די טראַגעדיע, ווי אין דעם בלומעל דער גורל פון הערבסט. פאַרהאַן, פערשטעהט זיך, אַזוינע, וואָס קע-נען בלייבען גאַנץ, שען און חנ'עוודיג ביז אין טויט אַריין. זיי האָט עס, וואַהרשיינליך, געגאָלטען. פאַרהאַן פון זיי אַזוי-נע, וואָס געהען אַוועק אויף אַ העלדען-טהאַט און ענדיגען אַזוי רייצענד, ווי אַ לעגענדע. נאָר דער הערבסט דער'הרג'עט דאָס בלימעל, דאָס גרויע לעבען דעם פּעריל. וואָס נאָך זאָל איך איך ענטפערן, אויב דאָס איז אייך ווייניג? איך האָב בכיון גענומען דעם פּעריל אין זיין רעכטען גלאַנץ, בעת דאָס וואָכע-דיגע לעבען האָט צו איהם קיין שליטה נישט. זאָגט, איז פאַר-האַן נאָך עפּיס שענער'ס אויף דער וועלט?

האָפמאַן האָט אָבגעצויגען דעם אָטעם, און מיר אַלע האָ-בען געשוויגען. אונזערע צוויי דאַמען האָבען זיך נערוועאיש איבערגעקוקט. לאַנדוי האָט פעררויכערט און אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש אַ קעסטיל פּאַפּיראָסען. מיר האָבען אַלע פעררויכערט, און צווישען אונז האָט זיך געפיהלט יענע אומעטיגקייט, וואָס קומט שטענדיג נאָך אויפריכטיגע רייד און נאָך אַנ'ערצעהלונג מיט אַ שענער פרוי.

— און דאָס איז גאָר? — האָט עמיצער מיט אַמאָל געפרעגט.

— איז עס אייך ווייניג? — האָט האָפמאַן געדריקט מיט די אַקסלען.

— וואָס האָט איהר געוואָלט? — האָט לאַנדוי נישט פערשטאַנען.

האָפמאַן האָט זיך אַ רגע פערטראַכט און דערנאָך רוהיג צוגעגעבען:

— אַזאַ נאַכט איז שוין היינט: איך קען ווייטער ריידען... נאָר דאָסמאָל וועל איך מיינע ווערטער אילוסטרירען מיט אַ לעבעדיג מיידעל, וואָס האָט געהייסען אסתר׳קע און וואָס האָט געהערט צו אָט די פערלען. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו ליעבען און צו זיין געליעבט פון אַזאַ מיידעל. אַפנים, אַז אויף דער וועלט געהער איך צו די גליקליכע, מעג דאָס גליק זיין ווי קורץ.

האָפמאַן האָט זיך עטוואָס איבערגעביטען אין פנים און איז אַנטשוויגען געוואָרען. מען האָט ווידער דערלאַנגט טיי. די דיקע דאַמע האָט זיך פּלוצלונג צולאַכט און האָט געזאָגט:

— ניין, ליעבער האָפמאַן! צופיעל האָט איהר אָבגעגעבען דעם אַכצעהן-יעהריגען מיידעל, ווי איהר האָט זי בעשטימט. צופיעל. און אויף מיינע פריהערדיגע רייד האָב איך שוין כמעט ווי חרטה... שוין-זשע זענען פרויען אַזוי שלעכט?

זי האָט ווידער געלאַכט און געטרונקען טיי. עמיצער, דאַכט זיך לאַנדוי, האָט איהר געענטפערט דערויף, און אַז עס איז דערנאָך שטיל געוואָרען, האָט זיך ווידער דערהערט האָפמאַנ׳ס וויכער און אויפריכטיגער ברוסט-קול.

— איך האָב אייך צוגעזאָגט צו געבען אילוסטראַציעס... איך האַלט וואָרט. לאָמיר ריידען. נישט אַלעמאָל גלוסט זיך עס. אגב האָב איך עפּיס אַ כונה. איהר זאָלט וויסען, אַז יעדער מענש, בשעת ער רעדט, האָט דערביי אַ כונה, גאָר אַ זייטיגע, וואָס איז כמעט נישט שייך צום ריידען, און וואָס דער צוהערער וועט זיך גאָר נישט בעדאַכטען דערויף. איין שווייגען נישט אַזוי. שווייגען קען מען גלאַט אָהן אַ ברעקעל

סבה. סתם עס שווייגט זיך. איך דאַרף אייך אָנהויבען פון דעם, אַז איך בין דעמאָלט געווען אַ סטודענט אין איינער אַ שטאָדט, וואָס געפינט זיך אין דרום. אַ סטודענט בין איך געווען גאָרנישט פון די שלעכטע, געגאַנגען בין איך אויף דעם מעדיצינישען פאַקולטעט, אַלט האָב איך געמוזט זיין אַ יאָהר צוויי-און-צוואַנציג, האָב איך פּינקטליך געהערט די לעקציעס, בעכזוט אָפּט דאָס פּראָזעקטאָריום און אין דער לעדיגער צייט האָב איך געפאַנטאַזירט. ווי עס טרעפט שטענדיג מיט אַ יונגען בחור, האָבען זיך מיינע פאַנטאַזיעס געדרעהט אַרום אַ מיידעל. אין עטליכע שטעדט האָב איך געהאַט מיידלעך, אין וועלכע איך בין געווען האַלב פערליעבט אָדער איך האָב מיך געסטאַרעט, אַז אַזוי זאָל איך מיינען, און איך האָב זיי געשריבען האַלב קאַלטע און האַלב צאַרטע בריעף. ביי איינער פון זיי איז מיר נישט געווען געפעלען די נאָז, ביי דער צווייטער דאָס לאַכען, ביי דער דריטער די אויגען, און איך האָב אינסטינקטיוו און אונבעוואוסטזיניג געזוכט אַזאַ, וואָס זאָל זיין דורכאויס האַרמאָניע און זאָל נישט ליידען אויף איינע פון די דאָזיגע חסרונות. אַזאַ האָב איך נישט געפונען, האָב איך אין דער לעדיגער צייט געטהאָן און געטרוימט פון איהר. אַמאָל, געהענדיג פון אוניווערזיטעט, פערטראַכט, פלעגט מיר אַ פינקעל טהאָן אויף אַ מאָמענט אַ פרויען-געזיכט, אַ גראַציעזע פרויען-געשטאַלט, וואָס האָט, דאַכט זיך, קיין איין פגימה נישט געהאַט, און, קומענדיג אַהיים, פלעג איך לאַנג טראַכטען פון איהר און עמיצער אין מיר האָט זיך געריצט מיט מיר: אָט די פרוי האָט אַ געליעבטען. נישט דו, נישט דו. זי קושט איהם אין די אויגען. אַזאַ צושטאַנד איז אָפּטמאָל גאַנץ פיינליך, די פיינליכקייט געהט דערנאָך אַריבער אין אַ מין שטאָלץ, דער שטאָלץ אין עפּיס אַ מאָדנע שלעפעריגקייט, אין אַ פוילקייט, און דו ווילסט שוין מעהר קיין נייע בעקאַנטשאַפטען נישט מאַכען, און דו הערסט אויף אינגאַנצען צו האַלטען פון זיך, פון די מיידלעך, פון דיינע בעקאַנטע און דיין גלייכען.

איבריגענס, אַזאַ צושטאַנד האָט ביי מיר לאַנג נישט

געדויערט. די לעקציעס, דאָס טעאַטער, די גאַס און טאַקע דיזעלבע בעקאַנטע מיינע פלעגען מיך אויפמונטערן פון דאָס נייע און דעמאָלט פלעג איך, פערשטעהט זיך, אויסלאַכען מיין מרה-שחורה. אין דער'אמת'ן אָבער בין איך געווען אַ גאַנץ פרעהליכער בחור און אַ זאָרגלאָזער, האָב ליעב געהאַט טענץ און אַ לוסטיגע קאָמפּאַניע און אין גאָר גוטע מינוטען פלעג איך נעהמען אַ ביסעל בראָנפען און איבערקעהרען דעם טיש מיט די פיס אַרויף, מעשה-סטודענט. נאָר דאָס לעצטע האָט שוין געטראָפען זעלטען. מיר האָט געפעהלט דאָס שענע מיידעל, און מיר איז פאָרט זיסער געווען דער אומעט מיט זיין בלאַסקייט און שטילען וועה. אין אומעט איז זי מיר רעאַלער און דייטליכער געשטאַנען אין דמיון.

צו יענער צייט האָבען ז'ך בעדאַרפט ענדיגען מיינע עקזאַמענס. איך האָב נישט פיעל געאַרבייט, נאָר דאָך האָב איך מיך נישט געשראָקען פאַר זיי. מען דאַרף זיין עטוואָס דרייסט, מען דאַרף וועלען פערשטעהן דעם עצם, דעם גרונד פון קורס און מען דאַרף וויסען דעם כאַראַקטער פון דעם עקזאַמענאַטאָר — און אָט קענט איהר זיין זיכער, אַז איהר וועט דורכגעהן מיט ערפאָלג. דעם גרעסטען און דעם שווערסטען טייל פון די עקזאַמענס האָב איך שוין דורכגעמאַכט, און אַרויס בין איך פון זיי גיכער פון די ערשטע איידער די לעצטע. מיר איז געבליבען גאָר אַ קלייניגקייט, און אָפט האָב איך מיך פערטראַכט, צי זאָל איך פאָהרען אַהיים אויף די קאַניקולעס אָדער איך זאָל בלייבען דאָ. פאָהרען אַהיים האָט זיך מיר אייגענטליך נישט געוואָלט צוליעב גאָר אַ מאָדנעם טעם: אין דערהיים פלעג איך פערשוואומען ווערען פון די קרובים, גאָט זאָל אויסהיטען! מיינע עלטערן האָבען געוואוינט אין אַנ'אויעזדנעם שטעדטיל, די פאַמיליע אונזערע איז געווען אַ גרויסע און אַ יחוס'דיגע, איז מיין קומען אַהיים פשוט געווען אַ געשעהעניש. צווישען מיינע קרובים, וואָס האָבען, לויט זייער צאָהלרייכקייט געקענט, דאַכט מיר, בילדען אַ גאַנצע מלוכה, ווען זיי וואָלטען געהאַט אַ טעריטאָריע, זענען געווען אַ סך מיידלעך, און איך בין מיך מודה, אַז קיין איינע

פון זיי איז מיר נישט געווען געפעלען. זיי זענען עפּיס אַלע געווען גרויסע, הויכע, ברייטע, איבערגעוואַקסענע, שרייענדי-גע, לאַכערקעס, זאַטע, אויסגעשלאָפענע, לעדיגגעהערקעס, און ביי זיי אַלעמען אויף די גרויסע ברייטע מאַנסבילשע שטערענס, האָט זיך מיר שטענדיג אויסגעדאַכט, איז אָנגעשריבען, אַז זיי זוכען חתנים... אָט די חברה פלעגט מיך מאַכען מיעד אָהן זין און אָהן הנאה, חאָטש זיי האָבען דאָך געהאַט זייער חן, וועל-כען איך האָב, פערשטעהט זיך, אין מיין שטאָלצער יונגקייט נישט פערשטאַנען, און די פראַגע, צי פאָהרען אַהיים אויף קאַ-ניקול-צייט, האָב איך דאָסמאָל בעשלאָסען אויף נישט. עס וועט טאַקי פערדריסען דעם טאַטען, די מאַמע וועט טאַקי האָבען האַרצוועהטאָג — נאָר וואָס קען איך העלפען, אַז איך ווער דער-טרונקען צווישען די קרובים, ווי אַ שטיין אין וואַסער.

בעת איך האָב אָבגעגעבען דעם לעצטען עקזאַמען פון צווייטען קורס און אָבגענומען די נויטיגע פּאַפּירען מיינע, האָב איך זיך אַרויסגע׳גנב׳עט פון מיינע חברים סטודענטען, וועלכע האָבען געוואָלט פאָהרען שכור׳ן, בין אַרויס אין דרויסען און געטראַכט וועגען דעם, אַז איך פאָהר נישט אַהיים און וועגען אַ מיידעל, וואָס זאָל זיין אָהן איין פּגימה. אין לייכטען, אין לייכטען זאָל זי געהן, און שיכעלעך זאָל זי טראָגען וויי-סע! נאָר עס געהען דאָך אויף דער גאַס אַזוי פיעל מיידלעך, שענע, זוניגע, פרעהליכע — טאָ וואו איז זי, פון וועלכע טהיר איז זי אַרויס, אויף וועלכער גאַס געהט זי און וואו-הין דאַרף זי קומען? אָבער אויף אַ רגע פערגעס איך אָן איהר, וואָרום איבער דער גאַנצער לענג פון דער גאַס פליסט אַ טייך פון זון, און אין די גאָלדענע פרעהליכע חוואַליעס געהען אום מענשען, קינדער, טראַמוואַיען, און זון איז ביי זיי אין די אויגען און אין שמייכעל און אין די פאַלדען פון די קליידער און אין דעם גלאַנץ פון די האָהר. געה, דו ביזט אַרויס פון שטוב, צי פון אַ קראָם, צי פון אוניווערזיטעט, געה, האַלט נאָר אין געהן — געה רעכטס, געה לינקס, געה אין דער גאַס, געה אין יענער גאַס, טרינק די זון און דעם גאָלדענעם גלאַנץ,

און אויב דו קאָנסט ניִשט הויך — טאָ זינג אין זיך, געה און זינג. טויזענדער מעלאָדיעס בעטען זיך, לויפען דיר נאָך, טאַנ-צען אַרום דיין האַרץ, ציהען זיך, דרעהען זיך, שלענגלען זיך. די לופט איז פול מיט זון-מעלאָדיעס. חאַפּ איינע פון זיי און זינג. חאַפּ אַ צווייטע און זינג. אַ דריטע. און איבערהויפּט שטעה נישט — געה! אַ זוניגער טאָג און אַ יונגער מענש — נו, וואָס איז דאָ בעסער דערפון? איך האָב נישט געמיינט צו זיין אויף דער וועלט אַ פאַבריקאַנט, אַ קאָנטאָריסט, איך האָב נישט נישט געטראַכט, אַז פון מיר וועט אַרויס אַ דאָקטאָר, חאָטש איך בין געוועזען אין דעם מעדיצינישען פאַקולטעט, אין באַנק האָב איך נישט געהאַלטען קיין אָבגעשפּאָרטעס געלד — האָב איך זיך געוויס געמעגט פרעהען מיט׳ן טאָג, האָב איך אודאי געמעגט געהן און זינגען און טרינקען זון. בין איך טאַקע אַרומגעגאַנגען ביז סאַמע פאַרנאַכט, בעת די רויטע הימלען האָבען געבלוטיגט דעם גאָלדענעם שפּיץ קלויסטער, און די הויכע פענסטער פון די רייכע מויערן האָבען זיך אַזוי ווי געבאָדען אין וויין.

געקומען בין איך אויף מיין קוואַרטיר אַ מיעדער, מיט אַ קליינעם קאָפּ-וועהטאָג — פון צופיעל אָנשטרענגונג. איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפען אויף דער קושעטקע און גענומען איבערקלוי-בען די אין גאַס געזעהענע אונבעקאַנטע מיידלעך פאַר דעם זו-ניגען טאָג. אַנ׳אַרבייט איז דאָס אַ לייכטע און אַנ׳אָנגענעהמע, נאָר דאָסמאָל האָט מיר געשטערט מיין צימער. ער איז מיר אונגעהויער מאוס געוואָרען. אין דעם צימער האָב איך אָבגע-לעבט אַ לאַנגען און, אין גרונד, אַ לאַנגווייליגען ווינטער. די ווענד האָבען מיר דערמאָהנט מיין בענקעניש און מיין זוכעניש, מיינע האַלב קאַלטע און האַלב צאַרטע בריוועלעך, וואָס איך האָב געשריבען, און מיינע לעקציעס, איבער וועלכע איך בין געזעסען פאַר׳ן לאָמפּ און געלערנט. און מיר איז איינגעפאַלען, אַז איך מוז איבערבייטען דאָס צימער, וויבאַלד אַז איך פאָהר נישט אַהיים, איבערבייטען שוין, שנעל, באַלד. איך האָב זיך אויפגעהויבען פון דער קושעטקע און האָב זיך געסטאַרעט נישט צו קוקען אויף די אָבאָיעס, דונקעלע, מאַטעווע, וואָס זענען

מיר אַזוי געפעלען געוועז, בעת איך האָב מיך אַריינגעצויגען אין איהם. און אָט פון אַזאַ קלייניגקייט, ווי אַ צימער, האָט זיך אָנגעהויבען דאָס, וואָס איך געה אייך איצט דערצעהלען.
עפּיס אַ פּאָר טעג האָב איך געזוכט איבער׳ן שטאָדט אַ צימער און נישט געפונען. דעמאָלט האָט מיר אַ בעקאַנטער רעקאָמענ-דירט אַ קוואַרטיר אין אַזאַ אָרט, וואָס דאַרף אויפ׳ן ערשטען קוק נישט געפעלען: אַ רייך הויז, וואו עס געפינט זיך בלויז אַן׳אַלטער — אַ זיידע און אַן׳אייניקעל: אַ מיידעל, וועמעס על-טערן און דעם אַלטען׳ס זוהן און שנוהר עס זענען אומגעקומען דורך אַ קאַטאַסטראָפע אין אויסלאַנד, וואו זיי האָבען געמאַכט אַ לוסט-רייזע. הגם דאָס אומגליק איז געשעהן מיט עטליכע יאָהר צוריק, פונדעסטוועגען דאַרף זיין זעהר שווער אַריינצוציהען זיך אין אַזאַ הויז, וואו דאָס מאָדנע פּאָר, דער אַלטער און דאָס מיידעל, מוזען יעדע רגע דערמאָהנען מיט אַ זיפץ די שרעקלי-כע קאַטאַסטראָפע.
איך בין זיך מודה, אַז בעת איך האָב געזאָגט דעם אַל-טען, אַז איך ציה מיך צו איהם אַריין, האָב איך געהאַט אַ פערלאַנג צו נעהמען שוין מיינע ווערטער צוריק. נאָר איך האָב עס נישט געטהאָן, מסתמא דערפאַר, ווייל דאָס צימער איז מיר שטאַרק געוועז געפעלען און ווייל דער אַלטער האָט אויסגעזעהן זעהר סימפּאַטיש, מיט אַ שענער ווייסער פרומער באָרד און מיט גוטע אָנגעלייענטע אויגען — פאַרהאַן אַזוינע אויגען, וואָס אויף זיי איז קענטיג, אַז זיי האָבען פיעל אַריינגעקוקט אין ספרים.
אַריינגעצויגען האָב איך מיך אין אַ פאַרנאַכט, און מיר איז עטוואָס אונהיימליך געוועז. דאַרף איך דאָס טאַקי וואוינען אין אַזאַ הויז, וואו עס נעסטיגט זיך די ערינערונג פון אַזאַ אומגליק? נאָר מיך האָט ווידער בערוהיגט דעם אַלטען׳ס סימ-פּאַטיש פּנים, דאָס עלעגאַנטע מעבעל אין מיין צימער, מיין טהיר, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט׳ן קאָרידאָר און דער גאָר-טען, וואָס האָט זיך געזעהן דורכ׳ן פענסטער, און ביינאַכט האָב איך גוט געשלאָפען. אויף מאָרגען און אויף איבערמאָרגען האָב איך מיך אָנבעגעגענט אין די קאָרידאָרען מיט׳ן אַלטען.

מיר האָבען אויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער צווישען זיך, ער האָט מיך אַ פרעג געטהאָן, ווי די מאָדע איז, אָן ווען איך גע- הער-אָן און דערביי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער האָט גע- קענט מיין זיידע'ן, וואָס עס האָט איהם, וואַהרשיינליך, שטאַרק הנאה געטהאָן. און איך האָב מיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ שטילער, זעהר אַנ'אָנשטענדיגער און אַ וואויל-ערצויגענער אַל- טער. בעשטימטעס וואָס צו טהאָן, האָב איך נישט געהאַט, זי- צען אין שטוב האָט זיך נישט געוואָלט, בין איך אַרומגעלאָפען איבער די טעאַטערס און סקווערען, האָב זיך אָהן אַנ'אויפהער געשלעפּט איבער די גאַסען, און אַז איך וויל מיך איצט וואָס דערמאָהנען פון יענער צייט, קומט מיר באַלד אַרויף דער הימעל אויפ'ן זכרון — אַזוי ווייניג בין איך געזעסען אין צימער! וואָס האָט מיך געטריבען פון שטוב און געשלעפּט אין דרויסען — אַפּנים, אַלץ די אייגענע מעשה, דאָס מיידעל, וואָס איך האָב אינסטינקטיוו געזוכט און נישט געפונען.

איינמאָל, אין אַ קאַלטען רעגענדיגען פאַרנאַכט, וואָס איז משונה און מיט אַמאָל געקומען נאָך אַ הייכען ליכטיגען טאָג, בין איך געבליבען זיצען אין דערהיים. איבערוואַרטען דעם רע- גען, וואָס האָט דייטליך געזאָגט, אַז ער קלויבט זיך גאָרנישט אַוועקצוגעהן, איז געווען אונמעגליך און איך בין אַריין צום אַלטען נאָך אַ העברעאישען בוך אָדער אַזוי עפּיס אַ ספר. איך האָב נאָך פריהער בעמערקט, אַז ביי איהם שטעהט אַ גלעזערנער אַלמער, פון וואַנען עס קוקען אַרויס אין גרויס אָרדנונג רימע- נע רוקענס פון ביכער מיט העברעאישע נעמען. פאַרוואָס האָט זיך מיר פלוצלונג פערוואָלט אַ העברעאישער ספר, בעת איך האָב עס שוין לאַנג אין דער האַנד נישט געהאַלטען און בעת ביי מיר גופא זענען געלעגען אַ סך נייע אינטערעסאַנטע ביכער און זשורנאַלען, וועלכע איך האָב נאָך נישט געלעזען, דאַרף מען, אַפּנים, ערקלערען דערמיט, וואָס איך האָב מיך געוואָלט אויספּייבען פאַר'ן אַלטען, וואָס איך, אַ סטודענט, האָב נאָך דאָך אַ שטיקעל צובונד צו דער אַלטער שפּראַך און אַז איך פערשטעה זי. עס איז אפשר אויך מעגליך, אַז איך האָב עט-

וואָס געוואָלט אַריינקוקען אין אַזאַ בוך. נאָר גיכער פון אַלץ בין איך מסתּמא געגאַנגען נאָכ'ן ספר, ווייל מיר איז געווען גוט ווי אַ ציגיינער, ווייל איך בין געווען מאָדנע יונג און פריי אויף אַזאַ גרויסער ליכטיגער וועלט, איך האָב זיך געבאַלעוועט און געפּיעסטעט, ווי נאָר אַ פרייער מענש קאָן — האָט זיך מיר פערוואָלט אַ העברעאיש בוך, איז פאַרוואָס זאָל איך זיך נישט פאָלגען און נישט געהן נאָך איהם? ווען אין אויסטראַליען וואָלט זיך, צום ביישפּיעל, געפונען דאָס טעלעריל פון הימעל און איך וואָלט עס פלוצלונג בעגעהרט, וואָלט איך זיך דען נישט גע-לאָזט קיין אויסטראַליען?...

דער אַלטער האָט מיך זעהר העפליך אָנגענומען, מיין בעטען אַ העברעאיש בוך האָט אויף איהםווירקליך געמאַכט אַנ'-איינדרוק, און, אָבשליסענדיג דעם אַלמער, האָט ער זעהר ווייך געזאָגט:

—קלויבט אייך און נעהמט, וואָס אייער האַרץ גלוסט.

האָב איך זיך געשטעלט און געקליבען. און אויף מיר האָט אַ וועהע געטהאָן מיט מיינע קינדערשע יאָהרען: ביי מיין פאָ-טער איז אויך פאַרהאַן אַ טייל פון אַזוינע ספרים, און אַז איך בין געווען אַ יונגעל האָב איך זיי געלעזען און נישט פערשטאַ-נען, וואָס איז געווען זעהר אָנגענעהם. אין יעדען יודישען יחוס'דיגען הויז מוזען זיך געפינען די דאָזיגע ספרים פונקט ווי אַ מזוזה ביים טהיר, און, זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, אַז איך דערזעה זיי אין אַ שטוב, דערפיהל איך אַ מאָדנע קרובה'-שאַפט צו די מענשען פון שטוב. וואָס, מיינט איהר, איז פאַר-האַן אין די ספרים? נאָר צי דאָס איז דען וויכטיג? אַנ'אַלט רב'ל האָט זיך דאָס גאַנצע לעבען זיינס געקליגט אויף אַ פּסוק פון חומש, דאָס הייסט, ער האָט איהם געוואָלט אויסטייטשען אַזוי, וואָס זאָל זיין פונקט דער היפוך פון גלייכען שכל. איז דאָס רב'ל אָבגעזעסען נעכט און האָט צונויפגעזאַמעלט מדרשים און פּסוקים און אגדתות, אַלץ צוליעב דעם, אַז דער פּסוק זאָל זיין איינגעטייטשט נישט אַזוי, ווי עס זאָגט דער גלייכער שכל, און אַז ער האָט עס פערפאַסט, האָט ער דערצו צוגעלעגט

אַ וואַלד מיט הסכמות פון בעקאַנטע רבנים און געלאָזט דרוקען דעם ספר. איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז עס איז נישט וויכטיג, וואָס אינווענינ, אין דעם ספר, טהוט זיך. וויכטיג איז דאָס, וואָס ער בינדט צונויף אַ הויז מיט אַ הויז, מענשען מיט מענשען. אָבער אַ חוץ די דאָזיגע ספרים איז ביי דעם אַל-טען געווען אַ זעלטענער ש״ס און גוטע העברעאישע ביכער און זשורנאַלען. ער האָט, אַפנים, אַלץ מיט חשק געלייענט. איך האָב נישט געוואוסט וואָס אויסצוקלויבען און האָב שוין אָנ-גענומען אַ ספר פון אָט דעם טיפ — און מיט אַמאָל האָב איך מיך אָבגעקעהרט. צו מיין אויער איז דערגאַנגען אַ שאָרך פון אַ בוך, וואָס מען האַלט אין לייענען. עס איז געווען פאַרנאַכט, אין צימער איז געשטאַנען אַ טריבע שיטערע דונקעלקייט, וואָס קומט שטענדיג צוזאַמען מיט אַ רעגען, און דעריבער האָב איך מסתמא נישט בעמערקטביים אַריינגעהן דאָס מיידעל, וואָס איז געלעגען אויף אַ קושעטקע ביי אַ ווייטער וואַנד און געלעזען. איך האָב אַרויסגענומען דעם ספר, וואָס האָט געהייסען שערי שמים, און, זאָגענדיג, אַז איך נעהם איהם, האָב איך גע-קוקט אַהין, וואו דאָס מיידעל איז געלעגען. דאָס צימער איז גרויס, איך בין געשטאַנען פונקט אין דער צווייטער זייט, דאָס פנים איז איהר געווען פערשטעלט מיט׳ן בוך, וואָס זי האָט גע-לעזען, און איך האָב נאָר געזעהן ווי דער ראַנד פון קלייד ליעגט אַקוראַט אויף צוויי גלייך-צונויפגעלעגטע שמאָלע שפיצען פון מיידעלשע דונקעלע זומער-שיכלעך. אפשר, קען זיין, האָב איך ביי זיך אויך בעמערקט, אַז אַ וואוקס דאַרף זי האָבען אַ הויכע און אַ שענע... דאָס איז זיין אייניקעל, האָב איך מיר אַ טראַכט געטהאָן.

דער אַלטער האָט פערשלאָסען דעם אַלמער און געפרעגט:

— וועט איהר אפשר טרינקען מיט אונז צוזאַמען טיי?

— פאַרוואָס נישט? — בין איך באַלד מרוצה געוואָרען.

— לעג אַוועק דאָס בוך, אסתר׳קע, — האָט ער זיך גע-ווענדט צום מיידעל, — אָט וועלען מיר טרינקען טיי צוזאַמען.

דאָס מיידעל איז אויפגעשטאַנען, אַוועקגעלעגט דאָס בוך

און האָט אויסגעצויגען אין דער הויך די הענד. קענטיג, אַז זי איז לאַנג געלעגען אויפ'ן קושעטקע און, קענטיג, אַז פאַר מיר האָט זי זיך נישט געשטערט דאָס צו טהאָן.

— מיין אייניקעל... — האָט דער אַלטער געזאָגט, וועלענדיג זי מיר פאָרשטעלען און איך האָב געפיהלט, צי מיר האָט זיך עס גערדאַכט, אַז ער האָט דערביי דערשטיקט אַ זיפץ.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהר, דערלאַנגט די האַנד און אָנגערופען מיין פאַמיליע. באַלד האָט די דיענסט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ, און מיר האָבען זיך געזעצט אַרום טיש. מיר איז געוועזען פרעהליך און זיי — וואַהרשיינליך נישט אַזוי, האָב איך זיי געמאַכט פרעהליך, דערצעהלט מעשיות, גערעדט פון פערשיעדענע זאַכען און מיר איז זעהר געגאַנגען דערין. מיט מיר האָט, אַפּנים, געטראָפען דאָס, וואָס עס טרעפט אַמאָל, אַז מען זיצט אין אַ געזעלשאַפט: עס געהט אין אייך אַריין עמיצער — אַ שטאַרקערער, אַ קליגערער און אַנ'אינטערעסאַנטערער און ער רעדט פון אייך אַרויס, און איהר זענט אַלעמען מנצח ביז גאָר. דער אַלטער האָט זיך אָפען ענטציקט מיט מיר און די יונגע האָט געלאַכט מיט שטראַהלענדיגע שוואַרצאַפּלען אין די אויגען. געזעסען זענען מיר שפּעט, און לאַנג האָבען מיר ביידע געדאַנקט פאַר'ן אָוועגד. ביידע זענען אויפגעפרישט געוואָרען. בעת אסתר'קע האָט מיר דערלאַנגט די האַנד, האָב איך אויף דער-גיך בעמערקט געטאָקטע ברעמען, וויילע האָהר אויפ'ן שטערן, ראָזע פרישע ליפּען מיט אַ דינעם שמייכעל. אַז איך בין דערנאָך אַריין צו זיך אין צימער, האָט נאָך דרויסען שטאַרק גערעגענט. אָפּטמאָל האָט אַ בליץ געטהאָן, פּונקט ווי אַ פייערדיגער פליעגעל וואָלט דורכגעשניטען די לופט, און באַלד דערויף האָט געגומען דונערן מיט אַזוינע מורא'דיגע קלעפּ, אַז מיין טישעל האָט געציטערט און די שויבען האָבען געוויינט. איך האָב זיך אויסגעטהאָן און אַריין אין בעט. אַ ליכט האָב איך געשטעלט נעבען בעט, און גענומען בלעטערן דעם ספר, וועלכען איך האָב זיך געסטאַרעט נישט צו פערגעסען מיטצונעהמען. זאָלען זיי וויסען, אַז איך בין אומישנע געגאַנגען נאָכ'ן בוך.

נאָר קוקענדיג אין די שוואַרצע רש״י־אותיות, פאַר׳ן פלעמעל פון ליכט, ליעגענדיג נישט קיין צוגעדעקטער אין דער ברייטער ווייכער בעט, האָב איך פּלוצלונג געגומען טראַכטען וועגען עפּיס זעהר וויכטיגעס. איך האָב זיך מיט אמאָל אויפגעזעצט און זיך איינגעהערט צו דעם, וואָס איך טראַכט. נאָר דאָס איז עפּיס געווען אַ פערפּלייצונג פון געדאַנקען, האַרץ־געדאַנקען, פון דאָר־טען זענען זיי געלאָפען, און איך גופא האָב אַזוי ווי נישט גע־וואוסט אין וואָס דאָס געהט. נאָר ביסלעכווייז און מיט גרויס אָנשטרענגונג איז מיר קלאָר געוואָרען, אַז דאָס אַלץ איז אסתר׳קע. זי שטעהט מיר אין דמיון אין איהר גאַנצער גרויס און אַרום איהר לויפען אַרום מיינע געדאַנקען, ווי דאָס שפּרי־ציגע פאָנטאַן־וואַסער אַרום רעהריל. אסתר׳קע שטעהט און שמיי־כעלט, שטעהט און שווייגט, שטעהט און קוקט.

— „נו, וואָס אַז אסתר׳קע?״ — וויל איך וויסען אין וואָס דאָס געהט.

— „וואָס הייסט? דאָס איז זי דאָך... האָסט געזעהן? האָסט געזעהן? אַ בליק, אַ שמייכעל, אַ וואוקס, ס׳אַראַ האָהר״...

— „האַ... יאָ, נו.״

— געטאָקט איז זי״.

— „איך וויל אָבער שלאָפען״ — זאָג איך צו זיך אַליין, שטאַרק פערטהאָן אין די מחשבות.

— „ווי וואַקסט מען דאָס אויס אַזאַ שען מיידעל״... — האָט עמיצער אין מיר געענטפערט דערויף.

און איך האָב נישט געקענט אַנטשלאָפען ווערען. אין מיר האָט זיך וואָס געראַנגעלט, געטריבען און געאיילט, און דער־נאָך האָט זיך עפּיס אָנגעצונדען דאָרטען, וואו דאָס האַרץ זיצט, און האָט געברענט, און געברענט, און געברענט. נישט שלאָפען אַ נאַכט איז שווער אפילו פון זיסער ליעבע, און אויף מאָרגען בין איך אויפגעשטאַנען מיט אַ קאָפּ־וועהטאָג. און אָט דעם פריהמאָרגען בין איך געווען האַלב משוגע. ערשטענס, האָט זיך מיר יעדע מינוט געדאַכט, אַז זי קלאַפּט צו מיר אין טהיר, צווייטענס, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט וועל איך געהן

קלאַפּען צו איהר אין טהיר, און, דריטענס, איז אין מיר געוועקט געוואָרען אַ זיכערקייט, אַז זי האָט אויך נישט געשלאָפען די נאַכט און אַז זי איז אזיך ווי האַלב משוגע. פונדעסטוועגען בין איך בייטאָג געווען ביי אַ בעקאַנטען, וואו איך האָב מיך אומישנע פערזעסען, בעהאַלטענדיג אין האַרצען מיינע פונאַנדערגעבליהטע טרוימען. אַז איך בין געקומען אַהיים, איז מיר אַנטקעגען געגאַנגען דער אַלטער מיט אַ שטילער דיסציפּלינירטער צופריעדענקייט, און, קוקענדיג אויף מיר מיט די גוטע אָנגעלייענטע אויגען, האָט ער געזאָגט:

— איך פערבעט אייך אויף טיי. מיר טרינקען טיי אין אַ פּאָר שעה אַרום. אַז עס ווערט פינסטערליך.

איך האָב איהם בעדאַנקט און אַוועק צו זיך אין צימער — און דעם שטח, וואָס איך בין אַדורכגעגאַנגען ביז׳ן צימער, האָב איך דעם אַלטען אינגעריך געדאַנקט. ביי זיך האָב איך גאָר נישט געהאַט וואָס צו טהאָן, אַזוי האָט מיר זיך אויסגעדאַכט. און יעדע רגע האָב איך זיך געחאַפּט אויפ׳ן געדאַנק, וואָס האָט זיך אָן מיר אָנגעבונדען, ווי אַ קלעק, אַז איצט דאַרף איך זיין ערגעץ אַנדערש-וואו, נישט ביי זיך אין צימער. נאָר פונדעסטוועגען האָב איך זיך בערוהיגט, און קוים בין איך געווען רוהיג, איז מיר שוין געווען לייכט צו בעשליסען אַריינצוגעהן צום אַלטען איצט און דאָרטען וואַרטען אויף טיי. איך האָב אַזוי געטהאָן. אסתר׳קען האָב איך געטראָפען ביים שפּיגעל — זי האָט זיך געקאַמט. באַלד איז מיר געוואָרען לייכט אויף דער נשמה, און די צוגעבראַכטע נאַכט מיט׳ן האַלבען טאָג זענען מיר אויסגעקומען, ווי אַ שטיק נאַרישקייט, וואָס איז מיך בעפאַלען ווי אַ קראַנקהייט. קלוג איז נאָר די איצטיגע מינוט, ווען איך שטעה מיט איהר אין צימער. זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנד מיט אַ דינעם, שטילען און וואַרימען שמייכעל און געענדיגט פלעכטען איהר צאָפּ. זי האָט געהאַט לאַנגע דונקעלע האָהר, און עס פערשטעהט זיך, אַז זי האָט קיין פריזור נישט געטראָגען, נאָר אַ לאַנגען דיקען צאָפּ. איך האָב עפּיס בעמערקט וועגען איהרע האָהר, און ביי אונז איז באַלד אַוועק אַ שמועס.

מיר האָבען גערעדט פריי, לייכט, פשוט — און אזוי האָט עס בעדאַרפט זיין. איך בין געקומען צו איהר מיט מיין גאַנצער נשמה, אַ נאַכט האָב איך נישט געשלאָפען, און זי איז געווען אַ פריש ריין קינד — טאָ ווי האָט געקענט זיין אַנדערש? — און אַז מיר האָבען זיך געזעצט אויף די ווייכע, מיט ברוינעם בע־צויגענע, שטוהלען, נעבען פענסטער, האָט זי געקוקט אויף מיר מיט גרויס צוטרוי און עפּיס מעהר. מיט צוטרוי האָט זי נאָהענט געאָטעמט אויף מיר, מיט צוטרוי האָט זי נאָהענט געהאַלטען איהרע הענד און איך האָב איהר געקוקט אין די אויגען אַריין און זיך אַלץ מעהר און מעהר איבערצייגט אין איהר אויסערגע־וועהנליכער שענקייט. חאָטש איך האָב געהאַפּט מיט׳ן שכל, לויט דער אַטמאָספערע פון שטוב און לויט איהר האַלטען זיך, אַז זי דאַרף מעהר אָדער ווייניגער לעבען איינזאַם, דאָך האָט מיך אָפטער געשראָקען איהר גרויסע שענקייט — צי האָט זי נישט ערגעץ אַ בחור, אָדער עטליכע, אָדער צוואַנציג, אָדער הונ־דערט? דעמאָלט האָב איך זי זעהר פאָרזיכטיג געפרעגט, אומ־בייטענדיג אַ וואָרט:

— האָט איהר עפּיס חבר׳טעס?

געמיינט האָב איך — חברים, בחורים. נאָר זי האָט דע־רויף געשמייכעלט, איך וואָלט וועלען זאָגען: מעלאַדיש געשמיי־כעלט, וואָרום ביי איהר האָט זיך האַרמאָניש געפלאָכטען דער מאַטעוועוו גלאַנץ פון די דריי פאַרבען: די אונשולדיגע ראָזע ליפּען, די קלאָרע יונגע צייהן און די גרויסע דונקעלע אויגען — און געענטפערט:

— איך האָב חבר׳טעס, נאָר איך געה צו זיי ווייניג.

מיט איהר האָט מען אָבער געמוזט זיין אויפריכטיג, דאָס האָט געבעטען איהר ריינקייט, איהר צוטרוי, איהרע וואונדער־ליכע צאַרטע בעוועגונגען, און איך האָב גאַנץ לייכט געפרעגט:

— און חברים האָט איהר עפּיס?

— חברים? — זי האָט נישט באַלד פערשטאַנען און דאָך פערשטאַנען; — איך האָב חברים אויך.

— אסתר׳קע... — האָב איך אין אַ ווײלע אַרום שטיל און

נאַטירליך געפרעגט, — אין אָווענד שפּאַצירט איהר?
— ווענ־ג...
— וועל איך זיך סטאַרען, איהר זאָלט מעהר שפּאַצירען.
— ווי אַזוי?
— איך וועל געהן מיט אייך. איך וועל אייך רופען...
— אין אָוועגד?
— אין אָוועגד.

דער אַלטער האָט אונז געלאָזט ריידען, ווי אַ וואויל-ער-צויגענער מענש. ער איז, דאַכט זיך, גאָר אין צימער נישט געוועזען. און ביי אונז איז אַלץ געגאַנגען דערזעלבער חנ׳עוודי-גער בחור-מיידעל-געשפּרעך. איך האָב וואָס געפרעגט און זי האָט געענטפערט. געפרעגט — געענטפערט. און אַ שטילקייט איז געוועזען צווישען אונז, אַנ׳אינטימע, אַ טיפע און אַ וואַרימע. נאָר גוטע מינוטען לויפען האַסטיג — און אָט האָט די דיענסט דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר. דער אַלטער מיט דער ווייסער פּרו-מער באָרד האָט זיך שוין געזעצט ביים טיש. און איצט האָב איך שוין אויך איהם געהערט, וואָרום מיט ווענ־ג מענשען האָט ער זיך געזעהן, און איהם האָט זיך געוואָלט, אַז איך זאָל היינט ווידער דערצעהלען און ריידען. אודאי האָב איך מיר פּערר׳עדט, און איך געדענק נישט ווי אַזוי איך בין פערקראָכען צו קאַלמיקען און קירגיזען. איך האָב געברויכט צו דערצעהלען, ווי אַזוי זיי לעבען און ווי אַזוי זיי זעהען אויס, וואָס איז פאַר אסתר׳קען גאָר קיין נייעס נישט געוועזען. זי האָט עס געהאַט אין גימנאַזיע, וועלכע זי האָט זעהר פריה געענדיגט. נאָר פאַר׳ן אַלטען איז עס געוועזען אינטערעסאַנט און ער האָט געהערט מיט גרויס אויפמערזאַמקייט. דאָסמאָל זענען מיר ווידער געזעסען שפּעט. פּאַר אַ זייטיגען מענשען האָט אונזער גרופּע בעדאַרפט אויסזעהן, ווי אַ זיידע מיט צוויי אייניקלעך, אַזוי נאָהענט און גוט איינגעפּאַסט בין איך געזעסען צווישען זיי. געפיהלט האָב איך מיך ווי אַ פּרינץ, וואָס איז געקומען פון אַ ווייטער רייזע צו זיין בת-מלכה אין שלאָס אַריין. און דאָס דאַרף אייך נישט וואונדערן. דערמאָהנט אייך די לאַגע: אַנ׳אַלטער, אַנ׳אייניקעל,

אַזוי פיעל אויסגעפוצטע צימערן און איך — אַ קוואַרטיראַנט, וואָס איז גראָד אַהיים נישט געפּאָהרען... די צימערן זעהען מיר אויס ביי, רייך און אונבעקאַנט, און מיר דאַכט זיך ווירקליך, אַז איך בין געקומען פון אַ ווייטער רייזע, וואו איך האָב געזעהן קאַלמיקען און קירגיזען. דער ערשטער האָט זיך אויפגעהויבען דער אַלטער. ער האָט מיר געגעבען די האַנד, בעדאַנקט, צו-געוואונשען איך זאָל גוט שלאָפען די נאַכט און איז ארויסגעגאַנ-גען. ווי אַ מענש מיט טאַקט, האָט ער נישט געקענט הייסען אסתּר׳קען געהן שלאָפען, בעת איך בין נאָך פערבליבען אין צי-מער. נאָר איך האָב געפיהלט, אַז איהם וועט נישט זיין צום האַרצען, ווען איך וועל זי פערהאַלטען לענגער. שוין ווי מיר זענען געבליבען אַליין, האָבען מיר גענומען ריידען שטילער, און, ריידענדיג, האָבען מיר געשמייכעלט. וואָס האָבען מיר גערעדט און וואָס האָבען מיר געשמייכעלט? גאָרנישט אַבסאָלוט. נאָר וויכטיג איז דאָס יאָ געווען. ווייל אין מיר האָט זיך גע-וויעגט דאָס בלוט און איהר האָט געוויס געמוזט קלאַפּען אין האַרצען. איך נעהם מיך נישט אונטער צו זאָגען, אַז זי האָט דעמאָלט שוין מיך ליעב געהאַט, נאָר אַז דאָס גאָלדענע רויכע-לע פון ליעבע האָט בעשמעקט דאָס צימער, אַז היינט האָט זיך אסתּר׳קע געפיהלט אַנדערש, איידער מיט אַ חודש צוריק, בעת איך בין נאָך ביי זיי קיין קוואַרטיראַנט נישט געווען — דאָס מעג איך אפשר בעשטעטיגען. כּדי דער אַלטער זאָל זיין אינ-גאַנצען רוהיג, האָב איך זיך גענומען גרייטען אַוועקצוגעהן, ווי שווער דאָס איז מיר נישט געווען. איהר האַנד ביים געזעגע-נען זיך האָב איך עטוואָס לענגער פערהאַלטען און איך האָב זי געוואָלט אַ קוש טהאָן. דאָס האָט בעדאַרפט זיין גאַנץ לייכט. נאָר זי איז געווען אַזוי ריין און אונשולדיג, אַזוי ציכטיג און קלאָר, אַז שטעהענדיג נעבען איהר, בין איך אויך דאָס געווען, חאָטש די כּונה פון מיין נישט-געגעבענעם קוש איז געווען פון די ריינסטע כּוונות אויף דער וועלט. פאַר׳ן אַוועקגעהן האָט זי מיך דאָך פערהאַלטען:

— וואָס אייגענטליך איילט איהר זיך? — האָט זי געפרעגט.

— איך האָב גאָרנישט וואָס צו איילען, — האָב איך געזאָגט — נאָר איהר וועט דאָך געהן שלאָפען?

— זאָל זיין אַזוי.

זי האָט געטראָגען אַ גראַנאַט-בלוזקעלע און איז געווען אַ הויכע, וואָס דאַרף נאָך העכער ווערען, אַ שלאַנקע, וואָס דאַרף נאָך שלאַנקער ווערען, מיט אַ דונקעלען שולמית-פּנים, פון וועלכען עס האָט אַרויסגעשטראַהלט אַזוי פיעל צאַרטקייט און מילדקייט און וואָס האָט אַזוי פיעל צוגעזאָגט אויף איצט און אויף שפּעטער. אין דמיון האָב איך זי אַ קוש געטהאָן, און, געבענדיג איהר נאָכאַמאָל די האַנד מיט אַ בעזונדער אוננאַטירליכען דריק, בין איך אַוועק צו זיך אין צימער. און אַז איך האָב זיך אוועקגעזעצט ביי זיך אין צימער, נעבען לאָמפּ, איינער אַליין, האָב איך זיך געפיהלט ווי אַ מענש, וואָס איז געגאַנגען און האָט אויסגעפיהרט אַ גרויס שליחות. וואָס פאַר אַ שליחות האָב איך געהאַט? ס'איז אפשר צום לאַכען. נאָר אַז מען טהוט פאַר זיך אַגרויסע זאַך, דאַכט זיך, אַז דאָס איז שוין פאַר דער וועלט אויך. אונענדליך גוט איז מיר. איך וויל לאַכען — און איך שעם מיר פאַר די וואַנד. זיי שטעהען און קוקען אויף מיר, די נאַראָנים, און פערשטעהען מיך נישט. איך וואָלט וועלען צוגעהן צו זיי און געבען זיי צו פערשטעהן, אַז אסתּר'קע איז אַן'אוצר, וואָס קען, ליידער, לייכט געפונען ווערען פון אַ יעדערן, נאָר דאָך בין איך, דאַכט זיך, דער ערשטער, וואָס האָט זי געפונען... בין איך דער ערשטער?

איך האָב זיך געלעגט אין בעט, ווען עס האָט שוין געטאָגט. דאָס פענסטער איז געווען אָפען, און איך האָב געזעהן איבער די בוימער ווי אַ יונג בלאַס וואָלקענדיל, פּונקט אַנטקעגען מיין פענסטער, שטעהט-אויף פון שלאָף און קוקט מיט האַלב-אויפגעקלעבטע אויגען, פּונקט ווי עס וואָלט זיך וועלען דערמאָהנען אָן דעם חלום, וואָס איהם האָט זיך גע'חלום'ט. איך האָב געקוקט צו איהם און געטראַכט פרעהליכע זאַכען, וואָס גרעניצען זיך מיט גליק און משוגעת. דהיינו: איך און די גאַנצע וועלט מענשען זענען געגאַנגען ציהען אַ גורל אויף גליק,

און איך איינער האָב געוואונען ... אַרום און אַרום שטעהט אַ וואַלד מענשען, און איך איינער. ביי זיי אַלעמען זענען געבלי־בען הענגען די קעפּ פּערטרויערט, מוטלאָז, פערשמאַכט, און איך וויל זיי זאָגען: פאַלט ביי זיך נישט אַראָב. שרעקט זיך נישט, וואָרום קוים וועט מיר נאָר זיין גוט, וועט אייך אַלע־מען זיין גוט. ווי קען גאָר עמיצען זיין שלעכט, בעת איך בין פול גליק?

דאָס וואָלקענדיל, וואָס געגענאיבער מיין פענסטער, האָט זיך שוין איינגאַנצען ערוואַכט, און אָנטהאָענדיג אַ רויט לייכט העמדיל, האָט עס זיך גענומען ציהען אין וועג אַריין — וואַנדערן איבער אַזאַ פרייען ברייטען מדבר. און איך האָב זיך איבערגע־דעקט איבער׳ן קאָפּ און בין מאָדנע גליקליך איינגעשלאָפען, פונקט ווי אַ מאַמע וואָלט מיך פערוויעגט. אויפגעשטאַנען בין איך נישט שפּעט. דורך דאָס אָפענע פענסטער האָט זיך אַריינ־געגאָסען אַ הימעל מיט שטראהלען, פון די בוימער האָט זיך דערטראָגען אַ טשוויטשערן פון פויגלעך, אויפ׳ן וואַנד האָבען געשפּיעלט גאָלדענע פלעקען, און אַז איך האָב מיך איינגעוואַ־שען, האָט דאָס נעכטיגע גליק געטאַנצט אין האַרצען, אין די שטראַהלען און אין דעם טשוויטשערן פון פויגעל. וואָס פאַר אַ טריט איך האָב נישט געמאַכט, וואָס פאַר אַ זאַך מיר איז אין האַנד נישט צריינגעקומען — פון אַלץ און פון אומעטום האָט גע־שפּריצט אויף מיר מיט גליק. נו, טאַקע, לאָמיר שוין לאָזען אסתר׳קען אָן אַ זייט — אָבער פאַרוואָס איז דער הימעל אַזוי ריין, פאַרוואָס שיסט די זון מיט אַזוי פיעל גאָלד און פאַרוואָס איז דאָס וואַסער ביים וואַשען זיך אַזוי מחיה׳דיג פריש, קאַלט! עפּיס איז דאָך היינט גאָר אַ בעזונדער טאָג, וואָס קען בשום אופן נישט פערגלייכט ווערען מיט נעכטען אָדער פאַראַיאָהרען.

און מיר האָט זיך אָנגעהויבען דאַכטען, אַז אסתר׳קע וועט היינט קומען צו מיר. פאַרוואָס זאָל זי אייגענטליך נישט קומען? זי דאַרף אפשר האָבען אַ ביכעל, זי האָט אפשר נויטיג וואָס צו פרעגען, אָדער אפשר וויל זי געהן אין טעאַטער און איהר איז אונבעקאַנט די פּיעסע? אָדער גאָר אַ פרעג טהאָן דעם

זייגער? און עס וועט אייגענטליך נישט ליידען איהר אָנשטענ־דיגקייט און אונשולד, ווען זי וועט אַריינקומען צו מיר. אין שטוב איז אומעטיג, אין צימער וואוינט אַ ליעבער בחור — פאַר־וואָס זאָל זיין נישט אָנשטענדיג אַריינגעהן צו איהם? דערביי האָט זי זיך נאָך גאָר געהאַלטען פאַר אַ קינד, וועלכען עס איז קיינמאָל נישט פערוועהרט צו זיצען ביים קוואַרטיראַנט. ריינע אונשולדיגע מיידלעך זענען געוועהנט לאַנג צו קוקען אויף זיך, ווי אויף קינדער. נאָר קלוג איז דאָס האַרץ — אסתר׳קע האָטווירקליך אָנגעקלאַפּט אין טהיר. דריי קליינע קלעפּ — און נאָר אויף אַ רגע, בעת איך האָב געעפענט די טהיר, האָב איך זיך עטוואָס פערלאָרען. דאָס גליק האָט צו־שטאַרק אָנגעדריקט דאָס האַרץ. עס איז אַריינגעקומען אסתר׳קע אין אַ לייכט גראַנאַט, שטוב־קליידעל, אָקאָרשט אַ פערקאַמטע און אַנ׳איינגעוואַשענע, מיט זון־גאָלד אויף די דונקעל־געטאָקטע באַקען, אַ פערשעמטע און נישט קיין פערשעמטע, אַ נאָהענטע, ווי אַ שוועסטעריל און עפּיס אַ שׂנר ענגע און אַנ׳אויפמערקזאַמע. איבריגענס, האָט זי אַ סך געשמייכעלט און געלאַכט און האָט אפילו קיין תּירוץ נישט געברויכט צו דעם, וואָס זי איז אַריינגעקומען. זי האָט זיך געזעצט ביים טיש פאַר׳ן אָפענעם פענסטער און האָט אַ ווײַלע אַרויסגעקוקט אין גאָרטען. אין פּראָפיל האָבען זיך עטוואָס גע־גילט אויף דער זון די לאַנגע זיידענע ברעמען איהרע. איך האָב זיך באַלד צוגעזעצט נאָהענט צו איהר און געזאָגט:

— אסתר׳קע, מיר וועלען אפשר היינט געהן אין טעאַטער?

דערויף האָט זי געענטפערט:

— אין טעאַטער — נישט. איז דען שלעכט אין שטוב צו פערברענגען? איך בין עטוואָס אָבגעוועהנט פון טומעל.

— אסתר׳קע... — און איך האָב מיך שנעל געחאַפּט: — מעג איך אייך רופען אַזוי היימיש? איהר ערלויבט מיר?

אסתר׳קע האָט ברייט און וואַרים אויסגעשטעלט די אויגען צו מיר. אַ דינער שמייכעל האָט זיך קלוג און ווייך געלעגט אויף איהרע ליפּען.

— זאָגט מיר, ווי זאָל איך אייך רופען, — איז מיין האַרץ דורכ'ן קול נאָהענט געגאַנגען צו איהר.

— ווי איהר ווילט. ווי איז אייך בעסער? — האָט פון איהר עטוואָס אַרויסגעשפּראָצט קאָקעטעריע.

— ווי דער זיידע רופט אייך... אַזוי לייכט...

— נו, רופט... — האָט זיך איהר ווידער בעוויזען דער שמייכעל אויף די ליפּען.

— מעג איך אייך רופען גאָר ווייך, נאָך ווייכער ווי דער זיידע? — און אונבעמערקט האָב איך זי אַרומגענומען, קוקענדיג אויף איהר געזיכט, וואָס איז פערגאָסען מיט זון-גאָלד און מיט שטילען שמייכעל, אויף איהרע פאָרמען, איבער וועלכע עס האָט נאָך געוועהעט די קינדהייט איהרע, און איך האָב געזאָגט:

— ווילען מיר בלייבען אין שטוב? דרויסען איז אַ יוני-אָווענד...

— איהר האָט וועניג בעקאַנטע?

— פאַרוואָס מיינט איהר אַזוי? ווייל איך רוף אייך אין גאַס?

— איך ווייס אויך נישט! — האָט זי זיך קינדיש-קאָקעטיש צולאַכט אין מיין אָרעם, פון וועלכען זי האָט זיך נישט געפּרובט בעפרייען.

— אויב איהר ווילט בלייבען אין שטוב, וועל איך אויך טהאָן דאָס אייגענע. דאָס איז אָבער אַ קלייניגקייט, אסתר'קע, — פיהל איך ווי מיין קול ווערט ווייכער און שטילער. — פערלאַנגט עפּיס אַ גרעסערע זאַך פון מיר. פערלאַנגט, אסתר'קע. וואָרום איהר ווייסט, ווי איך קוק אויף אייך? יאָ, איהר ווייסט, ווי איך קוק אויף אייך?

— ווי קוקט איהר אויף מיר? — האָט זי מיט חנ'עוודיגער און מיידעלשער נייגיריגקייט געפרעגט.

דאָס איז אָבער נישט געווען קיין פראַגע. צווישען די פיער וועגד, צווישען שטילקייט און זון און טאָג, ביי אַ יונ-גער, ריינער און ציטריגער בעקאַנטשאַפט, אין אַ פערמאַכט אָבּ-געזונדערט צימער'ל — איז אָט די פראַגע נאָר געווען אַ דער-בעהנטערונג פון אַנ'אָטעם צו אַנ'אָטעם, פון אַנ'אויג צו אַנ'אויג,

פון אַ בלוט צו אַ בלוט, און איך האָב שטיל געזאָגט:
— אסתר׳קע...

פון נאַטור בין איך אַ מענש נישט קיין סענטימענטאַלער, נאָר אויך איצט, אַז איך וויל נאָר, שטעהט מיר אין אויער דער קלאַנג און דער אַרט, ווי אַזוי עס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען דער נאָמען: אסתר׳קע. פערשטעהט זיך, פאַר איהר איז עס אַוועק נישט אומזיסט. אין די דונקעלע אונשולדיגע אויגען איהרע האָב איך בעמערקט אַ בעװעגונג פון אַנ׳אָנגעשטרענגטער מחשבה, אויף אַ רגע איז דער שמייכעל פערשוואונדען געוואָרען פון די ליפען און איהר אָטעם האָט זיך נישט געהערט. און איינגער האָב איך זי צוגעדריקט צום האַרץ. אויף מיר האָט אַ וועהע געטהאָן מיט אונגעוועהנליכער פרישקייט, פונקט ווי איך וואָלט זיך צוגעריהרט צו אַ קוסט פון בלומען... דאָס איז געווען אַ שענער, אַ שטאַרקער און אַ זעלטען-ריינער אָנהויב. אַ גאָלדע-נער פאָדעם, וואָס איז געגאַנגען פון מיר צו איהר און פון איהר צו מיר, האָט זיך צוזאַמענגעקניפּט — אָהן ווערטער.

אין דעמזעלבען טאָג אין אָווענד האָבען מיר ביידע גע-שפּאַצירט. איך האָב זי אויסגעבעטען ביים אַלטען. איבריגענס, האָט דער אַלטער, וואָס האָט גאָרנישט פערשטאַנען און וואָס האָט, וואַהרשיינליך, שטאַרק געהאַלטען פון מיר, אַליין איהר געראַטען שפּאַצירען מיט מיר. אין דרויסען זענען מיר אַרויס, ווען עס איז שוין געווען צוגעפאַלען דער אָוועַנד. אַ פערטראַכ-טער הימעל, אַ גאָלדענער רוהיגער מאָרגענשטערן און אָנגעצונ-דענע פאָנאַרען אויף די טראַמוואַיען. איך האָב נישט געוואוסט וואוהין מיר געהען. נאָר, גאָט מיינער, וויפיעל האָט מיר גע-געבען דער שאָרך פון איהר קלייד און דער קלאַנג פון איהר טראָט, און די שמאָלע מאַנזשעטלעך אויף די הענד, און די דינע טאַליע, און דאָס ווייסע זיידענע שירמ׳ל, און דער ווייכער שטרוי-הוט מיט׳ן צווייגעל בעז ביים זייט, און דער יונגער, צאַרטער און שוין פרויענליכער פּראָפיל. עטליכע גאַסען זענען מיר דורכגעגאַנגען, עס האָט געדרעגענט מיט מענשען — פּנים׳ער, פּנים׳ער, פּנים׳ער, נאָר קיין איין בעקאַנטען האָב איך נישט

אָנגעטראָפּען. וואו זענען זיי אַהינגעקומען? איך האָב זיי נישט געזעהן. אַלע מענשען האָבען אונטער מיין בליק בעקומען אַנדע-רע געזיכטער — פרעמדע, וויכטיגע און שענע, און צווישען זיי אויך, אַפּנים, מיינע בעקאַנטע. ערגעץ אין אַ שמאָלען געסיל, וואָס פאַלט אַריין אין אַ גרויסער קאָכיגער גאַס, האָב איך זי' געגומען אונטער'ן אָרעם, און איך האָב געקוקט, ווי עס שמיי-כעלט דאָס אויג און דאָס ליפּען-ווינקעל, וואָס צו מיין זייט — מיט אַנ'איינגעהאַלטענעם לעבענספולען און גליקליכען שמייכעל. דאָס זענען געווען, נישט מעהר און נישט ווייניגער, ווי איהרע ערשטע ליעבע-איבערלעבונגען.

מיט דעם דאָזיגען געסיל זענען מיר אַרויסגעקומען אין דער קאָכיגער גאַס. דאָרט האָבען שוין געברענט עלעקטרישע לאָמפּען, עס האָבען געגאָסען מיט גאָלד די גרויסע בעלויכטענע שילדען, עס האָבען געקלונגען די רויטע עלעקטרישע טראַמוואַ-יען, וואָס האָבען אַזוי ווי פון אויבען זיך געגליטשט איבער דער לענג פון גאַס. פרויען אין ווייסען, אין גרויסע היט מיט בלומען און מיט פעדערן, זענען געגאַנגען אַנטקעגען אונז און צוזאַמען מיט אונז, און זיי זענען געווען געמישט מיט מאַנס-לייט, שטרענג-ערנסטע, סאָלידע און פערטראַכטע, פונקט ווי עמיצער וואָלט אַזוי אומישנע צוטאַשט, אַז וואו אַ פרוי, וואָס זעהט-אויס לייכט, פאַנטאַסטיש און לייכטזיניג, זאָל געהן אַ סאָ-לידער פערטראַכטער מאַנסביל. און אָט דעם געמיש פון מענשען האָב איך מיט אסתר'קען דורגעשניטען, און מיר האָט זיך גע-דאַכט, אַז מיר לאָזען איבער הינטער זיך אַ גאָלדענעם פּאַס. אָט האָט זיך פאַרבייגעצויגען דער בולוואַר, דאָס גרויסע קאָלאָ-נען-הויז פון טעאַטער, אָט איז דער צירק אַ פערשוואומענער פון פייערן, און מיר ווערען נישט מיעד געהענדיג. ווער טרייבט עס אונז צו געהן? דאָס גליק, דאָס גרויסע העלע גליק הוואַליעט זיך אין אונז און טרייבט אונז פאָראויס. איך האָב אָבגעקויפט די וועלט מיט אַלע איהרע שענקייטען און מיר איז נאָך ווייניג. איך בין נאָך אונצופריעדען מיט דער קניה. נאָר איך האַלט ביים קויפען דעם הימעל מיט אַלע שטערען, און באַלד וועלען

זיי אויך זיין מיינע. און איך וויל איהר זאָגען מיט אַ נייעם קול, וואָס זאָל דורכאויס איהר קענען איבערגעבען מיין צו-שטאַנד:

— אסתּר׳קע, איך האָב נאָר-וואָס אָבגעקויפט די וועלט. איך שענק זי דיר פאַר אַ מתּנה. און טאָמער איז עס דיר, חלילה, ווייניג, ווועסטו קריגען דעם הימעל אויך.

און איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען אָט דעם אָוועגד און אָט די נאַכט. בעזונדערס געדענקט זיך מיר אַ גאַס, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען מיט אסתּר׳קען. דאָס איז געווען אַ לאַנ-גע, אַ געוועהנליכע גאַס, אפילו פון די שענערע, וואו איך פלעג יעדען טאָג זיין אַ מאָל צעהן. אויף יענער גאַס האָב איך געמיטאָגט. און איצט האָט מיר דאָס גליק געשטעלט אַ פייער-דיגע צוים אויף דער גאַס און לאָזט מיר נישט געהן ווייטער. דאָס גליק האָט אַזוי ליעב משוגעת, האָט עס גערעדט ביי מיר אין האַרצען:

— שפּרינג, טאַנץ — נאָר געה נישט ווי אַלע מענשען. שפּרינג בעסער, אָט איז אַ פינף-שטאָקיג מויער: חאַפּ זיך אַרויף אויפ׳ן דאַך, לאַך זיך פונאַנדער און שפּרינג אַראָב. אָדער ברעך-אויס אַ שויב מיט אַ שטיין. אָט יענע שויב, וואָס איז בע-לויכטען מיט אַ בלויען פייער.

און איך געדענק קלאָר, אַז איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן אַקוראַט: צי זאָל איך שפּרינגען אויפ׳ן דאַך, אָדער איך זאָל אויסברעכען אַ שויב. איך האָב בשום אופן נישט געקענט געהן ווייטער, ווי איך בין געגאַנגען ביז אַהער. אַ מענש, וואָס טראָגט ביי זיך אין האַרצען גליק, קען פאַר זיך נישט ערב זיין. און אָט וועל איך טאַקי עפּיס טהאָן! נאָר עס איז גענוג, אַז איך גיב אַ קוק אויף אסתּר׳קען, און די בלויע טהירעלעך פון דעם קאַמעריל, וואו עס זיצט דאָס גליק, זאָלען זיך צומאַכען. ביי אסתּר׳קען זענען אויך צוגעמאַכט די בלויע טהירעלעך, און דאָס גליק שטראַהלט איהר אַרויס פון די אוי-גען. און איך געה ווייטער און פיהל מיך מאַנסבילשער, בע-

סער. איך האַלט נישט ביי ברעכען שויבען און וויל נישט קרי-כען אויפ׳ן דאַך.

די ריכטונג, די פאַרב פין אַ ליעבע ווענדט זיך דאָס רוב אָן דער ערשטער בעקאַנטשאַפט. גאָר אַ בעשיידענער בחור, טרעפט אַמאָל, וואַרפט-אַרויס עטליכע וואויל-יונגערישע פראַזען פאַר אַ מיידעל, וואָס ער איז מיט איהר נאָר-וואָס בעקאַנט גע-וואָרען. צווישען דעם בחור מיט דעם מיידעל ווערט עפּיס, לאָ-מיר זאָגען, אַ ראָמאַן, און אָט נעהמט-אָן דער ראָמאַן אַ וואויל-יונגערישע פאַרב, אַ וואויל-יונגערישע ריכטונג. און עס טרעפט פערקעהרט: אַ צינישער יונגערמאַן האָט זיך גראָד אַ וויילע גע-האַלטען בעשיידען און שטיל מיט אַ נאָר-וואָס בעקאַנט-געוואָרע-נעם מיידעל. ביי זיי איז אַוועק אַ ראָמאַן, וואָס איז שוין פערבליבען אין טאָן פון דער ערשטער בעקאַנטשאַפט: בעשיידען, שטיל און ריין. די פאַרב איז עטוואָס טיעפער ווי מיר מיינען: אויסערליך איז עס בעשיידען — נאָר אין דער-טיעף איז עס העכסט צניעות׳דיג. אָדער אויסערליך איז עס, זאָגען מיר, וואויל-יונגעריש, אָבער אין גרונד איז עס עראָטיש און אפילו גראָב. און, אינטערעסאַנט, געװוינליך האָט זיך עס פון דער ערשטער בעקאַנטשאַפט. פאַר אסתּר׳קען אָבער עקזיסטירען די כּללים נישט. זי גיט אַליין אַ טאָן, אַ פאַרב, און די ערשטע בעקאַנטשאַפט האָט קיין בעדייטונג נישט. צי איהר זענט פון נאַטור אַ פרעהליכער, צי אַנ׳אומעטיגער, צי איהר האָט אַ נוי-גונג צו ציניזם אָדער אייער כאַראַקטער איז אַנ׳אַריסטאָקראַטי-שער — ביי אסתּר׳קען וועט איהר פון דאָס ניי געבוירען ווערען און איהר וועט זיך דאָך נישט פערליערען. עס וועט אין אייך פערבלייבען אייערס, און איהר וועט פאָרט נישט זיין דער פרי-הערדיגער. אַזוי פיעל שענקייט האָט זי און אַזוי פיעל כּח איז ביי איהר. און אַז איך האָב נאָר איין קוק געטהאָן אויף איהר, איז מיין גליק געוואָרען עהנליך צו איהרען — דאָס הייסט, עס איז געװוען שטאַרק, גרויס און איינגעהאַלטען, און די צווייטע העלפט פון אָט דער משוגע׳נער גאַס בין איך געגאַנגען אַ שטיל-שמייכלענדיגער, פּונקט ווי זי. איך מוז אייך זאָגען, אַז עס

איז אַ גרויסער תּענוג צו האַלטען דאָס גליק עטוואָס אין צוואַנ־גען: דאָס האַרץ איז שטענדיג פול, יעדער איינדרוק איז גרויס און ניי און אין זיך פיהלט מען יעדע רגע אַ גרייטקייט צו אַנ׳אויסברוך, צו אַ שפרונג אין אַ פייערדיגען תּהום. און נאָך וואָס: מען איז קיינמאָל נישט זויער און נודנע, ווי נאָך אַ חתונה. דאָ איז אַלעמאָל ערב אַ חתונה אָדער חתונה־צייט, דער אָנהויב אָדער דער מיטען יום־טוב און קיינמאָל נישט נאָך יום־טוב.

מיר זענען, אַפּנים, רעכט מיעד געוואָרען געהענדיג — עס איז שוין גוט נאַכט געווען. זועגען געהן אַהיים קלערט מען נישט. איך האָב צוגערופען אַ דראָזשקע און געהייסען דעם פוהרמאַן פאָהרען וואוהין ער וויל. מיט׳ן פוהרמאַן איז אונז, פערשטעהט זיך, געגאַנגען. ער איז געווען אַזאַ, ווי פערליעב־טע האָבען ליעב: אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ שמייכלענדיגער, אַ גוי פון גוים, און אויסגעזעהן האָט ער אין דער־נאָהענט, ווי אַ קינד וואָלט אַריינגעקראָכען אין אַ גרויסען גוף מיט אַ גרויסען קאָפּ און באָרד. איך געדענק זעהר גוט זיין פּלייצע, אַ ברייטע ווי אַ וואַנד, עפּיס אַ נאַאיווע און אַ פערשפּרעכענדע, פּונקט ווי זי וואָלט ספּעציעל בעשאַפען געוואָרען צו בעשיצען און היטען אַ פערליעבט פּאָר׳ל. און מיר זענען געפאָהרען — גאַס איין, גאַס אויס, לויט דעם פוהרמאַנ׳ס אָדער דעם פערד׳ס בעגעהר. דאָסביידעל איז געווען עטוואָס אויפגעשטעלט, און אסתּר׳קע איז געזעסען האַרט נעבען מיר, אָנגעשפּאַרט אויף מיין האַנד און איהרע צובונטעוועטע לאָקען האָבען געשפּיעלט אויף מיין שטערן. דעמאָלט זענען געווען אַזוינע זיסע מינוטען, אַז איך האָב אינ־גאַנצען פערגעסען, וועד איך בין, ווי איך הייס און אין וועלכער שטאָדט איך פאָהר. איך בין געווען דער הימעל, די נאַכט און די ערד, און אסתּר׳קע איז אויך געווען איך, נאָר דער בעסערער, דער ליכטיגערער און דער שענערער טייל. און מיר פאָהרען דאָס נישט — מיר שוועבען אין דער אייביגער סאַ־מעטענער שוואַרצקייט, אין וועלכער עס שפּיעלען זיך שטערען.

נאָר אָט זענען מיר רעאַל אַריינגעפאָהרען אין אַ שטילער

אין אַ נייער גאַס, וואָס האָט זיך גענומען באַרג-אַרויף. דער הימעל איז געווען איינטעניג שוואַרץ, וואו-נישט-וואו האָט זיך געטוקט אַ צולאָזען שטערענדיל, אַרום איז געווען שטיל, איינצי-גע שוואַרצע בוימער האָבען זיך אַזוי ווי אין זיך געקנוילט און געדרעמעלט, און דאָך איז געווען מאָדנע ליכטיגליך, פּונקט ווי בעגינען אין אַ שלאָפצימער. די גאַס איז נישט געברוקירט, דאָס פערד איז האַלב געלאָפען, האַלב געגאַנגען, די דראָזשקע, אויף ריסאָרען און אויף גומענע רעדער, האָט זיך ווייך און ריטמיש געוויעגט און זיך גע׳חבר׳ט מיט׳ן שטילען זאַכטען ווינדטעל, וואָס האָט זיך געפלאָנטערט אַרום אונז, און מיר האָט זיך גע-דאַכט, אַז עמיצער, וואָס שטערט נישט די שטילקייט, שפּיעלט אויס פון ווייטען אויף אַ דין פיעדעל אַ נאָמען:

— א-ס-ת-ר׳קע ... א-ס-ת-ר׳קע !..

און מיט אַמאָל, פּלוצלונג, איז אסתר׳קען בעפאַלען אַ שטאַרק געפיהל און זי האָט זיך מיר אויפגעהאַנגען אויפ׳ן האַלז מיט גרויסע אויגען און מיט בלייכע ליפען, אָהן ווערטער, הייס און מיט ציטער, ווי עס טהוען, נאָר אונגאַטירליך, פאַלש, מאַנכע אַרטיסטקעס אין אַ שטאַרקער ראָל. דער פוהרמאַן האָט זיך בעוועגט אויף זיין געזעס, נאָר די ברייטע גוטמוטיגע פּליי-צע זיינע האָט ליעב און טריי געשמייכעלט צו אונז.

— וואָס? — פרעג איך — אסתר׳קע, וואָס?

נאָר אסתר׳קע קען נישט ריידען. גרויסע אויגען, צובונ-טעוועטע לאָקען, אַ קנייטש צווישען די ברעמען, הייסער אָטעם און אַ חנ׳עוודיגער ציטער אין די פינגער פון די הענד.

— איך האָב דיך ליעב... — האָט זי קוים אַרויסגעזאָגט.

די גאַס האָט זיך געענדיגט ביי אַ הויכען ברייטען פונאַנ-דערגעעפענטען טויער, און נאָכ׳ן טויער האָט זיך ווייטער גע-צויגען דער וועג, און ביי די זייטען זענען געשטאַנען בוימער. דאָ איז געווען אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געהערט ווי עס אָטעמען הימעל און ערד, און די נאַכט אַליין שלאָפט דאָ. נאָר דאָס פערד לויפט, און די אין זיך געקנוילטע בוימער ביים וועג ציהען זיך שוואַרץ און פערשלאָפען צוריק, פונקט ווי צוויי

שוואַרצע שורות וואַנדערער, וואָס ציהען זייער וועג געהיים און מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ און איינערביים צווייטען האַלט אָנגע-שפּאַרט די האַנד אויפ׳ן אַקסעל. אויב מען זאָל אַזוי פאָהרען גלייך, קען מען קומען צום וואַלד, וואָס שטעהט עטליכע ווערסט פון שטאָדט, נאָר דער פוהרמאַן, וואָס איז איצט אויך אונזער קאַפּיטאַן, קעהרט-אָב דעם קאָפּ, זוכט וואָס אויפ׳ן הימעל, בע-דאַכט זיך אַ ווייילע און פערקערעוועט דאָס פערד אויף צוריק. ער איז גערעכט, אונזער קאַפּיטאַן: אַ צוואַנציג טריט פון אונז דרעמעלט דער וואַלד, אַ דונקעלער, און אַ שטומער, ער ליעגט ברייט און ווייט אויסגעשפּרייט, פּונקט ווי ער וואָלט צוגעפּאַ-לען צו דער ערד און אַרומגענומען זי, און אַ שטילקייט פליסט פון איהם. נו, וואָס ווילען מיר איצט טהאָן אין וואַלד? עס איז שפּעט, און די נאַכט ווערט שיטערער... און צוריק פיהרט דאָס שיפעל אונזער קאַפּיטען, און איך מיט אסתר׳קען האַלטען זיך אַרומגענומען און אָטעמען איין הייסען, איין טיעפען און מיעדען אָטעם.

געוויס, עס האָט זיך שרעקליך געוואָלט, אַז די נאַכט זאָל זיך ציהען, חאַטש נעהם און בינד זי צו מיט אייזערנע שטריק. איך האָב געקעהרט דאָס אויג צו יענע ווינקלען הי-מעל, וואָס דער מזיק, דער טאָג, האָט זיי ליעב די ערשטע צו בעזוכען, און זיי האָבען טאַקע געבלייכט. אָן, דאָרטען, שיילט זיך אַ שטיקעלע טאָג. עס וועהען שוין די יונגע בעגינען-ווינדטען און אַ בלאַסקייט פאַלט-צו צו די פערטראַכטע הימלען.

און אַז מיר קומען אין שטאָדט אַריין, שטעהען שוין די מויערן וואַך, אויפגעדעקט און אָנגעזאַפּט מיט טאָג. וואו-נישט-וואו רויטעלט זיך אַ הויך פענסטער און אויף אַ גאַס-בוימעל ציי-טערט אַ טראָפּען טוי. דער טאָג געהט.

מיט אַמאָל גיט זיך אַ בויג אויף הינטער אונזער פוהרמאַן-קאַפּיטאַן, ציהט שטאַרק אָן די לייצעס איןביידע הענד און פערהאַלט דאָס פערד. דאָס פערד שטעהט, און אַנטקעגען אונז פלאַמט דאָס פאָנאַר׳ל מיט׳ן נומער פון אסתר׳קעס הויז. איך האָב אויסגעשאָטען דעם ליעבען פוהרמאַן דאָס גאַנצע בייטעלע

זילבער, וואָס איך האָב געהאַט, און געהאַט האָב איך גאָר נישט ווייניג. נאָר איך מוז זאָגען, אַז די גרויסע קופע זילבער, וואָס איז העל און מחיה׳דיג-רוישיג אַרויסגעפאַלען אויף זיין ברייטען דונקעלען לאַדאָן, האָט איהם געוויס איבעררראַשט — אָבער אין מאָס. אַ סך איז איהם מסתמא געווען ליעבער דער צופאַל מיט די דאָזיגע יונגע פערליעבטע פאָהרער, וואָס האָבען אָהן אַ ספק געמוזט מאַכען אַ שטאַרקען איינדרוק אויף איהם. וואָרום ער, זיצענדיג צוזאַמען אויף דער גליקליכער דראָזשקע, איז עפּיס אויך געווען אונזערער און ער האָט אונז אַזוי האַרמאָנירט, ווי די נאַכט, ווי די פערשלאָפענע שטאָדט, ווי דער שטילער דרעמלענדיגער ווינד. ער איז געווען אַ טייל פון אונז, וואָס האָט זיך נישט בעטייליגט און איז דאָך נויטיג געווען, און ביים געזעגענען זיך האָט ער נישט אומזיסט אַזוי העל און אויפריכטיג געשמייכעלט, און יעדע תנועה זיינע האָט אונז געוואונשען אַ גוטע נאַכט.

איידער מיר האָבען געעפענט די טהיר, זענען מיר געשטאַנען אַ ווייל. מיר איז געווען אַ שאָד דער אַלטער, וואָס האָט אודאי נישט געשלאָפען און וואָס האָט געמוזט איבערקלערען גאָט ווייסט וואָס. אָט האָב איך גענומען און מיט אַמאָל פערפיהרט זיין אייניקעל.

— היינטיגע בחורים... — וועט ער זיך ערגערן, טראַכטענדיג.

ווידער האָט מיר באַנג געטהאָן אסתר׳קע. זי וועט דאַרפען געהן צו זיך אין צימער מיט צו-שטילע טריט, וואָס איז נישט אין איהר האַראַקטער און זי וועט ליידען דערפון. פאַר אַ טהיר מאַכט מען שטענדיג אַ חשבון-הנפש. נאָר דאַכט זיך, אַז איך האָב עטוואָס איבערגעזאַלצען. אסתר׳קע האָט מוטהיג געעפענט די טהיר — זי האָט געהאַט ביי זיך אַ שליסעל, און נאַטירליך און פרעהליך איז זי דורכגעגאַנגען דעם לאַנגען האַלבדונקעלען קאָרידאָר, פונקט ווי זי וואָלט געקומען אין מיטען העלען טאָג פון גאַס. דאָס האָט באַלד אומגעביטען מיינע גע־[illegible]קען, און איצט האָב איך זי גערופען צו זיך אין צימער.

אסתר׳קע איז די מאָס, און אַז זי איז דרייסט, מעג איך אודאי זיין דרייסט. זי איז געגאַנגען. אַראָבנעהמענדיג דאָס היטעלע, האָט זי זיך אַ מיעדע אַ וואָרף געטהאָן אויפ׳ן בעט, און איך האָב מיך געלעגט נעבען איהר. מיט איין האַנד האָב איך זי אַרומ-גענומען, מיט דער צווייטער האָב איך געגלעט איהרע האָהר, און לאַנג זענען מיר געלעגען אַזוי, שווייגענדיג. אין דרויסען האָט זיך ווייך און שטיל צוגאָסען דער טאָג.

און פון דער נאַכט אָן, וואָס איז אַזוי ווי געווען דער זוימען, זענען אַרויסגעוואַקסען אַ סך זיסע טעג און ליעבע גוטע נעכט. אָט די צייט איז געווען די זון פון מיין עבר, און אַ מאָדנע זאַך: עד-היום דאַכט זיך מיר, אַז קיין איין מענש האָט נישט איבערגעלעבט דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט — און פערקעהרט: אַז איך דערזעה אַ יונגענמאַן מיט יענער צולעבט-קייט, וואָס דערמאָהנט אָן ליעבע, מיין איך, אַז ער געניסט זיצט אַקוראַט דאָס, וואָס איך האָב אַמאָל גענאָסען, און עס ווילט זיך איהם מקנא זיין. קנאה האָב איך פיינט, נאָר דאָס איז די איינציגע קנאה, פון וועלכער איך קען מיך נישט אָבזאָגען.

די פראַקטישע וועלט האָט איבער מיר די שליטה אָנגעוואָרען, אָדער אין די טעגליכע קלייניגקייטען פון לעבען, אין דעם הו-האַ פון די מערק האָב איך נאָר געזעהן די גוטע זייט, די וואויל-יונגערישע פרעהליכקייט, וואָס ליעגט דערויף אויסגעגאָסען, און אַלץ האָט מיר געלויכטען אין די אויגען.

פריי פון אוניווערזיטעט און פון עלטערן און פון קרובים און פון אַרבייט, האָט זיך יעדער טאָג מיינער אָנגעהויבען מיט אסתר׳קען. באַלד אין דערפריה פלעגט זי קומען צו מיר אין צימער, אין אַ דין קליידעל, פריש פערקאַמט און איינגעוואַשען, לויטער, ריין און לופטיג. די אויגען שטראַהלען, פון די ליפּ-לעך טריפט קינד און לעבען, די הענדטלעך זוכען עפּיס און זענען צוריקגעהאַלטען און פון גאַנצען פּנים שפּראָצט אַ דינער און ריידענדיגער שמייכעל. און אָט זיצען מיר שוין ביים טיש, דאָס פענסטער איז אָפען, פויגלעך קנאַקען און טשוויטשערן,

פון די בלענדענדע הימלען גיסט מיט ליכט און יוני-היץ און ביי מיר אויף דער טוזשורקע פלאַמען די געלע מעשענע קנעפּ. אָט נעהם איך זי לייכט אַרום, זי שפּאַרט-אָן דעם קאָפּ אויף מיין אַקסעל און איבער מיין באַק שאַרען זיך איינציגע האָהר פון איהר צאָפּ... עס איז וואונדערליך פריה, ערשט ניין אַ זייגער, און אונז שטעהט פאַר אַ הייסער, אַ פרעהליכער און אַ לאַנגער זומער-טאָג. נאָר פאַר געליעבטע קלעקט קיינמאָל קיין צייט נישט. דאַכט זיך, איך האָב זיך נאָר-וואָס געזעצט מיט אסתר׳-קען ביים פענסטער, און עס איז שוין האַלבער טאָג. וואו בין איך מיט איהר געווען פריהער, ביז׳ן האַלבען טאָג? וואָס האָ-בען מיר געטהאָן? און איך קען מיר נישט ענטפערן דערויף. אפנים, אַז איך מיט אסתר׳קען זענען געווען ערגעץ אַנטלאָפען אויף אַנ׳אַנדער וועלט, וואו מיר האָבען געזעהן אַ סך שענע זאַ-כען, וועלכע עס איז שווער צו געדענקען, און צו האַלבען טאָג זענען מיר געקומען צו מיר אין צימער און זיך געזעצט פאַר׳ן פענסטער.

— אסתר׳קע, וואָס טראַכסטו? — פרעג איך.

— איך טראַכט נישט. דאָס האַרץ איז מיר פול.

— מיר אויך... — זאָג איך, — ביי אונז איז איין האַרץ. איך וויל זינגען.

און אין דער הייסקייט, וואָס שלאָגט פון די הימלען, פיהל איך שטאַרקער דעם אַראָמאַט פון אסתר׳קעס לייב. ער שכור׳ט מיך און וויעגט מיך, ווי איך וואָלט געשוואומען אין אַ וויינינגען ים, און איך דאַרף מיך זעהר אָנשטרענגען, אַז איך זאָל אַליין פערשטעהן דאָס, וואָס איך רייד צו איהר. נאָר אָט געהט אסתר׳קע עסען, אָט פערהאַלט זי דער זיידע אויף אַ ווייל און אָט איז שוין אָוועגד. איינציגוויין צינדען זיך אָן די שטערען אויפ׳ן הימעל, פונקט ווי דאָס וואָלט געטהאָן אַ לאַנגזאַמער מענש, און אין די פענסטער פליסט אַריין דער בעזונדער אָוועגד-גע-רויש, וואָס קומט שטענדיג נאָך אַ הייסען טאָג. נאָר אסתר׳קע איז ווידער דאָ אין צימער, און אין דער אָוועגד-בלויקייט זעה איך זי אַנ׳איבערגעטהאָנענע צום שפּאַצירען, מיט מאַנזשעטלעך

אויף די הענד און מיט איהר דין זיידען שירמ׳ל. מיר זענען ביידע גרייט צום געהן, נאָר דיזעלבע אָוועגד-בלויקייט, וואָס האָט אַזוי ליעב די נאָהענטקייט צווישען אַ בחור מיט אַ מיידעל, פערהאַלט אונז. אָט, דאַכט זיך, געהען מיר שוין, און מיר שטעהען דאָך אויף איין אָרט, סאַמע נעבען טהיר, איך מיט׳ן שטעקען אין האַנד, זי מיט׳ן שירמ׳ל, און אָנשטאָט דעם, וואָס איך בעדאַרף עפענען די טהיר, קוק איך איהר אין די אויגען אַריין, דריק זי צום האַרצען און האַלט לאַנג מיינע ליפּען אויף איהר האַלז. און איהר קליין הענדטיל מיט אַ ווייסער מאַנזשעט זוכט עפּיס אין דער בלויקייט ביי מיין פנים... נאָר אַז מיר קומען אַרויס אין דרויסען, לאַכען מיר ביידע שטיל, פול און לאַנג. אונז לאַכט זיך דערפון, וואָס מיר קענען נישט אַוועק-געהן איינער פון צווייטען, וואָס מיר קושען זיך אַ סך, וואָס דאָס האַרץ טאַנצט אין אונז און וואָס מיר פיהלען אונגעהויער קלאָר, אַז מיר זענען גליקליך. מען קען ממש אָנטאַפּען דאָס גליק מיט די הענד. עס שפּרינגט-אום צווישען אונז, ווי אַ גרויסער ווייסער פויגעל, און פון זיינע ברייטע ווייסע אויפגע-מאַכטע פליעגלען פאַלט אויף אונז אַ גלעטענדע קיהלקייט.

און מיר געהען איבער די גאַסען, און מיר זיצען אין גאָרטען, און מיר טרעפען בעקאַנטע, און מיר פאָהרען אויף אַ דראָזשקע — און אומעטום זענען מיר איין מענש פון צוויי, וואָס קען צו איין צייט לאַכען, צו איין צייט שווייגען, צו איין צייט טראַכטען. זי לאַכט — לאַך איך; זי שווייגט — שווייג איך; זי טראַכט — טראַכט איך. און אַז מיר געהען צוריק, אַהיים, הויערט שוין ווייך און שטיל די נאַכט אויפ׳ן שטאָדט. די טראַמ-וואַי-שינעס ליעגען שטום אַריינגעגראָבען אין ברוק, פּונקט ווי זיי וואָלטען שלאָפען, די לאַנגע גאַסען זענען לעער און ציילען שוואַרצע פענסטער קוקען זיך איבער שווייגעגדיג איינע געגען די אַנדערע. אין שטוב געהען מיר שטיל פאַרביי דעם לאַנגען קאָרידאָר און מיר בלייבען שטעהן פאַר׳ן טהיר פון איהר צי-מער׳ל. די טהיר איז אַ ווייסע, אַ הויכע, און דאָס מעש פונ׳ם

הענדטיל גלאַנצט רוהיג און רופענדיג אין דעם העלען נאַכט-ליכט פון קאָרידאָר.

— אסתר׳קע, איך וויל אַריינגעהן צו דיר אין צימער — רוים איך איהר איין.

אסתר׳קע שווייגט, און איך עפען די טהיר. מיט איהר צימער גרענעצט זיך דעם אַלטענ׳ס, און מען דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג. אין פענסטער קוקט די בלאַסע זומער-נאַכט, און אין ווינקעל זעהט זיך אסתר׳קעס ווייס בעטיל מיט אַ הויכער קלאָרער קישען. אין צימער שמעקט מיט אסתר׳קען, און אַ בעזונדערע סאַמעטענע וואַרימקייט, וואָס מען טרעפט שטענדיג אין אַ מיידעלשער וואוינונג, גלעט מיר די באַקען און די הענד. אסתר׳קע שטעלט אַוועק דאָס שירמ׳ל, טהוט-אויס דאָס היטעלע, וואַרפט אַראָב די מאַנזשעטען מיט יענער ציטריגער רוהיגקייט, אָהן גנבי׳שקייט, וואָס מען געפינט נישט ביי זינדיגע נאַטורען. נאָר מיך בעהערשט עפּיס אַ כח, און איך זאָג איהר שטיל, קוים צום הערצען:

— קום צו מיר אין צימער. דאָרט איז פריי.

— ניין, איך וויל שלאָפען, — שמייכעלט זי מיעד און האַרציג.

— וועל איך דיר אויסטהאָן די שיכלעך, — גיב איך מיך לייכט אונטער.

באַלד זיצט זי אויפ׳ן בעטעל מיט פונאַנדערגעלאָזטע האָהר, און איך, שטעהענדיג אויף די קניה, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, טהו איהר אויס די שיכלעך. די שיכלעך שטעל איך אַוועק אָהן גערויש נעבען בעטיל, און אַז איך דערזעה איהרע פיס, בעצויגען מיט שוואַרצע דינע זאָקען, דורך וועלכע עס בלייכט זיך אַרויס די ווייסקייט פון דער הויט, פאַל איך צו מיט׳ן פּנים צו זיי, נעהם זיי אַרום און פערבלייב לאַנג אַזוי פערגליווערט. און איך קען בשום אופן נישט אַוועקגעהן. איך קען נישט אַוועקגעהן נישט דערפאַר, וואָס איך בין אַ בחור און זי איז אַ מיידעל, און וואָס עס איז נאַכט, און וואָס עס איז שטיל, און וואָס ביי אסתר׳קען זענען די האָהר פונאַנדערגעפלאָכטען, און

וואָס אַ מיעדער מיידעלשער שמייכעל ציהט די אויבערשטע ליפּ איהרע און דעקט אויף אַ שורה ווייסע צייהן — ניין, נאָר דער-פאַר, וואָס איך האָב זי משונה ליעב, וואָס איך קען מיך נישט אָבטיילען פון איהר, ווי מען קען נישט אָבטיילען אַ האַנד פון גוף, וואָס איך קען נישט ווערען איך בעזונדער און זי בעזונ-דער. דאָס גיט זיך אויך איהר איבער. זי מוז, אפנים, אויך אַזוי פיהלען, און עס קומען איהרע פינגער צו מיינע האָהר און קרייזלען זיי. נאָר אַז איך הויב אויף, סוף-כל-סוף, דעם קאָפּ, איז שוין אין צימער גוט ליכטיג, דער הימעל שיילט זיך אויס פון דער נאַכט, פון דער סאַמעטענער דונקעלקייט, אסתר׳-קע זיצט מיט פונאַנדערגעלאָזטע האָהר און אויף איהר פנים ליעגט אויסגעגאָסען אַ צאַרטע בלאסקייט, ווי ביי אַ שענעם קראַנ-קען קינד. פלוצלונג הויבט מיר אָן באַנג טהאָן, וואָס זי פיי-ניגט זיך, און איך נעהם זי איילען שטיל און פאָרזיכטיג, אויפ׳ן וואונק:

— אסתר׳קע, נו, שלאָפען. אויף גיך שלאָפען. גיכער, גיכער.

און אַליין שטעל איך מיר נעבען טהיר — אַוועקצוגעהן. אסתר׳קע לעגט זיך אין בעט, דעקט זיך איבער מיט אַ ווייסער ליילעך, און פון דעם ווייסען הויכען קישען שמייכעלט צו מיר פערגאַפּט און מיעד דאָס טייערע בלאַסע געזיכט. נעבען איהר, ווי אַ חבר, שלענגעלט זיך דער דונקעלער צאָפּ איהרער און ווערט פערפאַלען אונטער׳ן ליילעך. און איך געה דאָס נאָר אַ קוש טהאָן און אַוועקגעהן. באַלד געה איך ווידער אָב צום טהיר און קעהר מיך ווידער אום. איך קוש זי ווידער און געה ווי-דער צום טהיר און קעהר מיך פון דאָס ניי אום. דאָסמאָל אָבער גיב איך זי אַ קוש און געה מיט פעסטע טריט אַוועק צום טהיר. איצט וועל איך אַוועקגעהן. נאָר ביים טהיר בלייב איך שטעהן און נעהם געהן ווידער צום בעט.

— פררררר!..— וועקט אונטער׳ן פענסטער אַנ׳אונבעקאַנטער פויגעל זיינע חברים.

דרויסען איז טאָג.

און איך ווייס נישט וואָס איך טהו. אויף דער-גיך חאַפּ איך אַרויס אַ שפּילקעלע פון מיין טוזשורקע און גיב דערמיט אַ שטאָך איבער אסתּר׳קעס נאַקעטען אַקסעל. אסתּר׳קע גיט אַ צי-טער און איך אַנטלויף פון צימער. אָט דאָס משוגע׳נע שטיקעל אַרבייט, וואָס פּאַסט זיך גאָרנישט, דאַרף איך אייך זאָגען, פאַר מיין חאַראַקטער, מאַכט מיך פרייער, שיידט מיך אָב פון אסתּר׳קען, און אַז איך קום צו זיך אין צימער, וואַרף איך ענערגיש די זאַכען אויפ׳ן שטוהל, פאַל אַריין אין בעט, ציה זיך אויס אין דער גאַנצער וואוקס, שפּרייט פונאַנדער די הענד, ווי אַ צלם, און מאַך צו די אויגען. און דער שלאָף מאַכט מיך שטילער, שטילער. נאָר קוים וואַכט נאָך אין מיר אַ שטיקעלע מח, זעה איך נאָך אַלץ אסתּר׳קען: אסתּר׳קע אין צימער, אסתּר׳קע אין גאַס, אסתּר׳קע מיט מיר אויף אַ דראָזשקע, אסתּר׳-קע מיט׳ן זיידען, אסתּר׳קע נעבען מיינע ליפּען מיט ווייט-אויס-געשטעלטע שטראַהלענדיגע אויגען. איך זעה זי נאָכאַנאַנד, כסדר, ביז דאָס שטיקעלע מח ווערט אינגאַנצען געפאַנגען פון שלאָף.

נאָר טיילמאָל ביינאַכט, ווען מיר פלעגען קומען פון גאַס, פלעגען מיר פערגעהן צו מיר אין צימער. מיר פלעגען דאָס רופען: גנב׳ענען נעכט. מיינט אָבער נישט, אַז ביי מיר איז געווען עפּיס אַ זייטיגע כונה. פּשוט ביי מיר אין צימער איז געווען פרייער, איבער וואַנד האָט נישט געשלאָפען קיין זיידע, און מיר האָבען געקענט פריי ריידען און פריי שווייגען. פריי שווייגען איז אַ גרויסע זאַך, און פּאַסיגע אומשטענדען דערצו זענען אָפטמאָל שווערער צו קריגען, איידער פריי צו ריידען. איבערגעבען אייך אַזוינע נעכט מיט ווערטער, איז לחלוטין אונ-מעגליך. וועל איך אָנהויבען, וועט עס זיין באַנאַל. איך וועל אייך נאָר אָט וואָס זאָגען: קיין זאַך האָט אויף מיר נישט גע-מאַכט אַזאַ רושם, ווי דער אַראָמאַט פון אסתּר׳קעס לייב. מען זאָגט, אַז די נשמה פון אַ מענשען איז זיין שטים. אפשר איז דאָס ריכטיג. אָבער געוויס איז ריכטיגער: זיין ריח. דער ריח — דאָס איז דער מענש: יעדער מענש האָט זיין בעזונדערן

אינדיווידועלען אַראָמאַט. פון אסתר׳קען האָט געוועהעט זעהר אַ דינער און זעהר אַ פיינער אַראָמאַט, עפיס אַ נאַאיווער און אַ שטאַרקער מיט עטוואָס אַ צומיש פון מילך... לאַכט נישט. און ווען איך פלעג דערפיהלען פון מיינע קליידער איהר אַראָמאַט, בין איך אין יענעם טאָג געווען גאַר בעזונדערס גליקליך. אָט די גע׳גנב׳עטע נעכט פלעגען מיך אָנפילען מיט איהם, ווי מיט וויין.

ליעבען האָט מיין פעריל געקענט. ווער זאָל ליעבען, אַז נישט זי? זי איז פאַר דעם בעשאַפען געוואָרען, און וואָס זי זאָל נישט פאַרנעהמען אויף דער וועלט, וועט זי אַלץ טהאָן דורך ליעבע. דאָס איז דער באָדען, וואָס האַלט זי אויף, דער קוואַל, וואָס טרינקט זי אָן, די לופט, מיט וועלכער זי קען אָטעמען. און איך געדענק אַ צופאַל, וועלכער האָט געפאַנגען מיין זכרון, מסתמא ביז אין טויט אַריין. דערמאָהנען דערמאָהן איך איהם, אָט דעם צופאַל, אָפטער, פלוצלונג, זאומגעריכט, מיט אַמאָל, ביי סאַמע אונפאַסיגע בעדינגונגען: אין טראַמוואַי, קוקענדיג אויף אַ גלח, אין אַ שוך-קראָם, האַנדלענדיג אַ פאָר שיך, ביי אַ צעטיל פון וועש, אין אַ באַר, פרעגענדיג אַ פאָ-ליציאַנט דעם זייגער. און אַז ער קומט מיר, אָט דער צופאַל, אויפ׳ן זכרון, ווערט מיר צוצויגען ז׳אָס האַרץ, ווי ביי זעהר אַ פרומען יונגעל, און איבער׳ן רוקען דערפיהל איך אַ שוידער, ווי עמיצער וואָלט דאָרט אָבגעשפריצט מיט קאַלט וואַסער, און איך קען מיך דערנאָך נישט בעפרייען פון איהם.

געווען איז עס אויף אַזאַ אופן. איינמאָל האָבען מיר גע-שפּאַצירט אונטער׳ן שטאָדט. דאָרט, וואו מיר זענען געגאַנגען, האָט זיך געפונען אַ בעריהמטער באַרג. איין זייט פון אָט דעם באַרג איז געווען אַזוי ווי אָבגעהאַקט, ווי אַ גלאַטע וואַנד, און אַז מען האָט געקוקט פון שפּיץ אַראָב, אונטען, האָט זיך גע-דאַכט, אַז מען געפינט זיך אויף אַ דאַך פון אַ הויכען מויער. אַז מען שפּאַצירט אַרום אַ באַרג, ווילט זיך זיין אויפ׳ן שפּיץ פון באַרג, און ביידע האָבען מיר אַרויפגעקלעטערט אויפ׳ן שפּיץ מיט׳ן נאָרמאַלען וועג און זיך געזעצט אַקוראַט ביי דער אָבגע-

האַקטער זייט. טרוקען, האַרט גראָז האָט דאָ געוואַקסען, און אַרום איז געווען וואונדערליך שטיל. אין דעם טאָג האָט נישט געשיינט די זון, און איבער אונז האָבען געשוועבט פערטראַכטע האָהריגע וואָלקען, אָנגעפילט מיט רעגען. געשוועבט האָבען זיי לאַנגזאַם, מיושב׳דיג, רוהיג, איינע איבער די אַנדערע. נאָר אָפטמאָל האָבען זיך אייניגע צונויפגעשלאָסען אינאיינעם, ווי זיי וואָלטען זיך אַרומגענומען און אָבגעגעבען שלום, און באַלד פונאַנדערגעטיילט זיך בעזונדער, פונקט ווי זיי וואָלטען אַ טעות געהאַט. אין לופטען איז געשטאַנען עפּיס אַ מאָדנע היץ, אָהן אַ זון, אַ דושנע, אַ געדיכטע און אַ פער׳שכור׳טע, אָנגעזאַפּט מיט די ריחות פון פעלד-בלומען.

— עס איז דושנע, — זאָג איך — אסתר׳קע, דו פיהלסט?

— יאָ, עס איז דושנע...

אסתר׳קע האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפ׳ן עלענבויגען און האָט געקוקט אויפ׳ן חמאַרנעם שטילען האָריזאָנט. איך האָב שוין לאַנג בעמערקט, אַז דער כח פון ליעבע שלאָגט אין איהר, ווי שאַמפּאַניער אין אַ האַלב-אויפגעעפענטען פלעשעל און אַז זי בליהט און פיבערט, ווי אַ יונג קאַרשען-בוימעל אין פרישען מאַי. נאָר זי האָט זיך, וואַהרשיינליך, געסטאַרעט נישט אַרויסצעווייזען עס, נישט צו ריהמען זיך מיט דעם, וואָס עס האָבען אַזוי ליעב שוואַכע און קליינע נאַטורען. אַזאַ, ווי זי, קען נישט רעקלאַמירען איהר ליעבע פאַר׳ן געליעבטען, וואָס איז אייגענטליך גאַנץ פּראַקטיש און היטרע אינ׳ם היינטיגען לעבען. אסתר׳קע האָט לאַנג און שווייגענדיג געקוקט צום האָריזאָנט. דערנאָך האָט זי עטוואָס אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט גרויסע פערטראַכטע ליעבע-אויגען און געזאָגט:

— קען מען ליעב האָבען צופיעל? אין ליעבע איז פאַרהאַן צופיעל?

אין איהרע האָהר האָט זיך פער׳גנב׳עט אַ טרוקען באַרג-גראָז. איך האָב עס אַראָבגענומען און געענטפערט:

— נישטאָ אין ליעבע קיין צופיעל, מיין גאָלדען קינד.

זי האָט מיך עטוואָס אָבגעשטויסען און האָט זיך ווידער פערקוקט אויפ׳ן האָריזאָנט. עס איז געוואָרען דונקעלער און דושנער, און ערגיץ ווייט האָט זיך פּלוצלונג אַ וויעג געטהאָן אַ בוים מיט אַ הייזעריגען גערויש. דאַכט זיך, אויף מיין שטערן איז אַ קאַלטער טראָפּען געפאַלען.

— צי וועט נישט זיין אַ רעגען? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, עס מוז יאָ זיין צופיעל, — האָט אסתּר׳קע געענטפערט אויף איהרע געדאַנקען און זיך פּלוצלונג אויפגעזעצט. — אָדער דו ווייסט? — האָט זי מיך אָנגענומען ביי דער האַנד, — עס דאַרף זיין עפּיס אַזוינס, אויף וואָס מען זאָל קענען אויסברענגען די געפיהלען, צו מאַכען אַנ׳אָרט פאַר נייע. אָט אַזוי ווי איצט אויפ׳ן הימעל. צו-הייס איז געוועזן. פאַלט אַרויס אַ רעגען, וועט זיין נאָכדעם אָרט פאַר נייע היצען.

און זי האָט מיך ווידער אָנגעקוקט מיט גרויסע פערטראַכטע ליעבע-אויגען.

איך האָב אָבגעקעהרט דעם קאָפּ. איין ווינקעל האָריזאָנט איז געוואָרען בלוי-שוואַרץ און איבער איהם איז אויף דער-גיך דורכגעלאָפען אַהין-און-צוריק אַ געדרעהטע פייערדיגע שלאַנג. באַלד נאָכדעם איז אַריינגעטראָטען אַ געדיכטע קיהלע שטילקייט, יענע שטילקייט, וואָס קומט פאַר אַ שטורם, בעת די ערד בויגט זיך צו און פערהאַלט דעם אָטעם, ווי אַ שוואַך חיה׳לע, וואָס ערוואַרט אַנ׳אָנפאַל. און טאַקי שוין האָט זיך דערהערט אַ האַרט ברומען, פריהער פאַמעליך און שיטער, דערנאָך שטאַרקער און איינגער, דערנאָך אַזוי מעכטיג, פונקט ווי אויפ׳ן הימעל וואָלטען זיך געראַנגעלט צוויי בערג און דערנאָך ערגעץ נעלם געוואָרען. פון הימעל זענען קרום אַראָבגעפאַלען עטליכע גרויסע טראָפּען און זענען אָבגעשפּרונגען פון באַרג נישט ווי וואַסער, נאָר ווי שטיינדלעך.

מיר האָבען זיך באַלד אויפגעשטעלט, און איך האָב געוואָלט נעהמען אסתּר׳קען אונטער׳ן אָרעם. מען האָט זיך נויטיג בעדאַרפט איילען, כּדי אייסמיידען דעם שטורם. נאָר אסתּר׳קע האָט זיך אַרויסגעריסען, האָט שנעל געמאַכט אַ טריט צום בּרעג

און איז אַראָבגעשפּרונגען. איך בין מיך מודה, אַז איך האָב רעכט נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ וועט געטהאָן. קלאָר איז מיר געוואָרען, ביז טויט קלאָר, ווען איך האָב דערזעהן איהר צאָפּ, עטוואָס אויפגעהויבען אין לופטען, פערשווינדט אונטער'ן באַרג. איך בין אָבער נישט אומגעפאַלען פון אימה, ווי עס האָט לייכט געקענט פּאַסירען, און איך געדענק, ווי איך בין אַ פערצווייפעלטער געלאָפען פון באַרג, אונטער דונערן און בליצען, אין אַ שלאַקס-רעגען, געלאָפען און געלאָפען און ווייטער געלאָפען און ביי מיר אין קאָפּ האָט זיך געדרעהט אַ משוגע'נע פראַזע: „צוויי מאָל צוויי — איז זעקס. צוויי מאָל צוויי — איז זעקס..." נאָר איך געדענק נישט ווי אַזוי איך בין דערלאָפען צו אסתר'קען. איך קען דאָס בשום אופן נישט געדענקען. געפונען האָב איך זי שטעהענדיג אונטער'ן באַרג, אין בלאָטע, אַנ'אויסגעווייקטע פון רעגען און אַ פערשטויבטע מיט נאַסען שטויב. אָבער איך, וואָס איך בין פון באַרג נישט געשפּרונגען, האָב דאָך נישט אויסגעזעהן בעסער.

— אסתר'קע! — האָב איך מיך געטרייסעלט, — וואָס האָסטו געטהאָן?

און איך האָב פערשטאַנען. ווי האָט זי מיר פריהער געזאָגט? „עס דאַרף זיין עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל מאַכען פריי אָרט פאַר נייע געפיהלען. אָט אַזוי ווי איצט אויפ'ן הימעל. צו-הייס איז געווען. פאַלט אַרויס אַ רעגען, וועט זיין נאָכדעם אָרט פאַר נייע היצען."

יאָ, איך האָב פערשטאַנען. דאָס נאַס-פערשטויבטע פּנים האָט צו מיר געשמייכעלט, נאָר די נאָז איז איהר געווען בלייך, פּונקט ווי די גאַנצע שרעק וואָלט איהר אַריין אין נאָז.

— טהוט דיר עפּיס וועה? — האָב איך געקושט דעם שטויב פון איהר געזיכט.

— ניין, — האָט זי זיך קרענקליך אָנגעשפּאַרט אויף מיין אַקסעל, — איך בין געפאַלען אויפ'ן ווייכען נאַסען זאַמד. איצט איז מיר לייכטער...

אַהיים זענען מיר געקומען אין אַ צוגעמאַכטער דראָזשקע.

דער אַלטער, וואָס האָט אונז שטענדיג אַזוי ווי פאַרבייגעלאָזט פאַרביי אויג, האָט מיך אין אַ פּאָר שעה אַרום, ביים אָווענד-ברויט, אַ פרעג געטהאָן, אָנשטעלענדיג אויף מיר די גוטע אָנ-געלייענטע אויגען:

— איהר האָט שפּאַצירט מיט אסתר׳קען? פאַרוואָס האָט זי אַזאַ אויסזעהן?

אסתר׳קע האָט זיך שוין לאַנג איינגעוואַשען און איבערגע-טהאָן, נאָר דאָך האָט זי אויסגעזעהן בלייך און אַזוי ווי צו-טרייסעלט.

— אין רעגען האָבען מיר שפּאַצירט, — האָב איך דעם אַלטען לאַכענדיג געלייגט. — אַ קלייניגקייט, אַ גוס-רעגען.

פון דעם ענטפער האָט זיך דער אַלטער נישט בערוהיגט. ער איז אָבער צו-איידעל און ערצויגען, אום ער זאָל מיך נעה-מען אויפ׳ן צימבעל. ער האָט זיך געזעצט ביים טיש און פאַר איין מאָל צוגעשאַרט צו זיך אַנ׳אָפּענעם ספר מיט רש״י-שריפט און אַ גלאָז טיי. עס איז אַריין אסתר׳קע מיט אַ בלייכער נאָז, נאָר מיט איהר שטענדיגער שטיל-שוועבענדיגער גאַנג און מיט׳ן לאַנגען צאָפּ, פערלעגט אויפ׳ן ברוסט. באַלד איז געוואָרען היימליך-פרעהליך, האַרציג-פרעהליך, אָהן קולות, אָהן געשרייען, יענע מילדע פרעהליכקייט, וואָס קומט אין אַ גע͏ועלשאַפט, בעת עס געפינט זיך אין איהר אַ ליעבער אַלטער. אסתר׳קע האָט זיך שוין אײנגאַנצען בערוהיגט, דאָס שפּרינגען פון באַרג האָט איהר, אפּנים, נישט פערשאַדט, און אַז זי האָט זיך געזעצט צום טיש, האָט איהר פון די אויגען געפלאָסען אַזוי פיעל לייטזעליגקייט און פריעדען, אַזוי פיעל בעהאַרצטקייט און רוה, אַז זי האָט מיר דערמאָהנט אָן אַ טויב, וואָס זיצט אויף אַ צווייגעל פאַר-נאַכט, בעת אַ רויטע זון געהט אונטער און די בוימער וויקלען זיך אין לייכטען ווייכען אָווענד-טול. און אַז דער אַלטער טונקט איין אויף אַ רגע די אויגען אין ספר, זאָג איך צו איהר שטיל און פאָרזיכטיג, און פערקלאַפּ נאָך מיט אַ פינגער אויפ׳ן טיש:

— אסתר׳קע... מיין טייער קינד...

און אסתּר׳קע מאַכט־צו האַלב די אויגען, פערלעגט די הענד אויפ׳ן האַרצען און שמייכעלט ריין און גליקליך.

דרויסען האָט נאָך גערעגענט. פאַר די אָפענע פענסטער איז געשטאַנען אַ שוואַרצע דושנע נאַכט מיט ווייסע בליצען. און ווייל עס האָט נישט געדונערט, האָט זיך געדאַכט, אַז די דאָזיגע ווייסע בליצען זענען דושנע און מאַכטלאָזע. די שוואַרצע וועלט איז ווייל־עווייז אָבגעגאָסען געוואָרען מיט אַ ווייסער מילכיגער ליכטיגקייט און זיך ווידער פערזונקען אין שוואַרצקייט. עס איז אָבער געווען אַזוי גוט צו פערברענגען, זיצען מיט אסתּר׳קען און דעם אַלטען, פאַר אַ העלען לאָמפּ, אין אַ היימליכען צימער און זיין דורכגעוועבט מיט אַ זיסער, ליעבער און אינטימער פרעהליכקייט. מיט אַ געליעבטער קען מען קיינמאָל נישט שווייגען אפילו צווישען פרעמדע מענשען. אויב עס פּאַסט נישט צו ריידען מיט׳ן מויל, רעדט מען מיט׳ן אויג, מיט אַ געזיכט־תּנועה, מיט אַ האַנד־בעוועגונג, מיט אַ שמייכעל, מיט׳ן בלוט, און דאָס איז געווען גאָר אַ בעזונדער תּענוג, אין דער געזעלשאַפט פון אַלטען, אַזוי צו ריידען מיט אסתּר׳קען. איבערהויפּט האָב איך איהר געשיקט וואונק־טעלעגראַמעס מיט פראַגען, ווי פיהלט זי זיך נאָכ׳ן שפּרונג, און אסתּר׳קע האָט קונציג געענטפערט אויף זיי, הגם נישט אָהן געלעכטער. דער אַלטער האָט גערעדט, געקוקט אויף אונזביידען און נישט געזעהן און נישט פערשטאַנען.

מיר זענען געזעסען שפּעט, און דער אַלטער האָט נאָך געשפּיעלט אין שאָך מיט מיר. אסתּר׳קע איז אַוועק צו זיך. אַז מיר האָבען געענדיגט די פּאַרטיע, וועלכע איך האָב אויסגעשפּיעלט און האָב מיך אויפגעהויבען אַוועקצוגעהן, האָט דער אַלטער פלוצלונג אַ פרעג געטהאָן:

— ענטשולדיגט מיר, האָפמאַן, אייערע עלטערן לעבען?

— ביז הונדערט־און־צוואַנציג יאָהר... — האָב איך מיך שיער נישט צולאַכט. — זיי לעבען, זיי לעבען...

דאָס איז אַלץ דעם שפּרונג צו פערדאַנקען. דער אַלטער האָט מיך טיעף אָנגעקוקט, פונקט ווי ער וואָלט מיך אויסגע־

מאָסטען. ער האָט אָבער געשוויגען. איידעלע גוטע מענשען קענען קיינמאָל נישט אויספרעגען. אויספרעגען איז גראָב — און זיי ליידען דערפון,

איך האָב איהם וואָרים דערלאַנגט די האַנד און אַרויסגע-גאַנגען. ביי מיר אין צימער איז געווען פינסטער, און אַ ווייסע מילכיגע ליכטיגקייט האָט אויף אַנ'אויגענבליק אָבגעוואַשען די נאַכט-שוואַרצקייט, געגענאיבער מיין פענסטער האָבען אויפ-געלייכט אַ פּאָר דעכער מיט קוימענס, שפּיצען פון בוימער און באַלד פערזונקען געוואָרען אין אַ שוואַרצען תהום, און אויף די שויבען האָבען געפּויקט טראָפּענס רעגען, פּונקט ווי פינגער. איך האָב מיך געלעגט אויפ'ן בעט אין אָנטהאָן, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט די הענד און נישט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ. מיר איז געקומען אויפ'ן זכרון דער באַרג, דאָס געוויטער און אסתר'-קעס שפּרונג. קוים קומען אַזוינע מחשבות, קען מען שוין נישט ליעגען רוהיג. עס נעהמט דיך ציהען, שלעפּען, ווי אַ געוויסער אַ צווייגעל, עס רייסט דיך פון אָרט, עס טראָגט דיך, און אָט האָב איך אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַראָבגעשטעלט אַ פוס, דעם צווייטען, און, פערשטעהט זיך, אויף די שפּיץ פינגער, אַ בע-גאָסענער פון דער מילכיגער ליכטיגקייט, אַוועק צו אסתר'קען. נאָך וואָס געה איך? איך ווייס נישט. אסתר'קע איז היינט פון באַרג געשפּרונגען. שוין-זשע וועל איך מיך אַזוי לעגען שלאָ-פען? איהר טהיר איז נישט אינגאַנצען צוגעמאַכט, און אַז איך בין שטיל אַריין, האָב איך ביי די עפּטע בליצען געזעהן, אַז זי ליעגט אין בעט, מיט'ן פּנים אַרויף, דעם קאָפּ אויף דער הויכער קישען, און נעבען איהר, ווי אַלעמאָל, ליעגט איהר צאָפּ. זאַכט בין איך צוגעפאַלען צו איהרע שלאָפענדיגע ליפּען און אַ שעפּטשע געטהאָן:

— אסתר'קע ...

איהרע ליפּען האָבען זיך הייס און וואַך אָנגעקלעבט אָן מיינע. דערנאָך האָב איך מיך געשטעלט אויף די קניה, האָב זי צוגערוקט צום ברעג פון בעט און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף איהר ברוסט. און מאָדנע: מיר האָט זיך געוואָלט וויינען —

נישט וויינען, לאַכען — נישט לאַכען, שרייען און זיין שטיל. נאָר אויסקלויבען איינס פון אָט די זאַכען איז געווען שווער. עס האָט זיך נאָר געוואָלט, און דאָס וועלען איז אומגעשפּרונגען אין בלוט און אין די נערוועז. אָבער מיך שכור׳ט דער אַראָמאַט פון איהר לייב, און מיך שכור׳ט איהר גרויסע שענע ליעבע צו מיר, און מיך שכור׳ט די גאַנצע לויטערע יוגענד איהרע, וואָס איז קלאָרער פון אַ ווייסער טויב. מען דאַרף עפּיס טהאָן פאַר איהר, אויסקלערען אַזוינס, וואָס זאָל זי פּור־הער איבעררעשען און דערנאָך ענטציקען און דערקוויקען, צוגעבען אַ שטיק לעבען און בערייכערן מיט גליק יעדע שעה, יעדע מינוט, יעדע רגע. איך קען אָבער לאַנג נישט טראַכטען, וואָרום יעדע מחשבה אַנטלויפט פון קאָפּ איידער זי זעצט זיך דאָרטען אַוועק, און איך מאַך צו די אויגען און טרינק און טרינק דעם אַראָמאַט.

— אויף די קניה... דיר איז שווער?..

קוים וואָס איך הער איהר שעפּטשען מיט אַ הייסען אָטעם. און ביי אַ ווייסען בליץ דערזעה איך איהר דונקעלען קאָפּ, אויפ׳ן קלאָרען הויכען קישען, מיט׳ן פּנים אַרויף און מיט׳ן צאָפּ ביים זייט. און נאָך דעמאָלט, פאַר׳ן בליץ, האָב איך געחאַפּט אַ מאַמעדיגען אויסדרוק אויף איהר יונג-מיידעלשען געזיכט. און איצט פערשטעה איך אין וועמען זי איז געווען געראָטען: אין אַ יונגער שענער קינפּעטאָרין. שענע מיידלעך, אַז זיי ליעגען אין בעט, ווערען וואונדערליך עהנליך צו אַ קינפּעטאָרין. פאַרהאַן אַזאַ לייטזעליגקייט און אַ באַרימהאַרציגקייט און אַ זיסע געמיטליכקייט ביי אַ געווינערין אויפ׳ן געזיכט, און אַ גרויסער שלום און אַ מאַמעדיגקייט, אויב איהר האָט ווען בעמערקט, אויף די אויגען און אַ שלום-שמייכעל אויף די ליפּען. אין דעם פּרט איז אַ קימפּעטאָרין זעהר אינטערעסאַנט, און אַפּנים, אַז מיט דעם דאָזיגען אויסטערלישען געזיכט-אויסדרוק, וואָס איז אונגעהויער שען, האָט גאָט געוואָלט דעקאָרירען די אונבעקוועמע און נישט גאָר שענע לאַגע פון אַ געווינערין. אַנ׳עהנליכקייט דערצו האָב איך ערשט איצט בעמערקט אין אסתר׳קען.

פון די קניה בין איך נישט אויפגעשטאַנען, און טשיקאַווע איז געווען די נאַכט: ווייס — שוואַרץ. ווייס — שוואַרץ. אַט גיסט זיך פונאַנדער אַ שוואַרצקייט, אַט פליצט-אָן אַ ווייסקייט, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ביידע האָבען זיך געוואָלט בעהעפּ-טען און נישט געקענט. און דער רעגען האָט דאָ אויפגעהערט און דאָ זיך אָנגעהויבען פון דאָס ניי. דאָ האָט ער געשמיסען אין די שויבען, ווי מיט ריטער, און דאָ האָט ער געקלאַפּט, ווי מיט פינגער און אַזוי ווי גערופען. איבער וואַנד האָט דער אַל-טער שטיל געכראָפּעט.

— אסתּר׳קע, — האָב איך פערדריקט איהר האַנד אין מיי-נער ביז וועהטאָג, שעפּטשענדיג איבער איהרע אויגען, — הייס מיך שטעהן אין דרויסען און היטען דיין פענסטער. הייס מיך, אסתּר׳קע, הייס מיך, הייס מיך, הייס מיך. נו, הייס מיך, — האָב איך זי לייכט געטרייסעלט.

— וואָס ווילסטו, האַרץ? — זענען צוגעפאַלען איהרע היי-סע ליפּען צו מיינע.

ווייס — שוואַרץ. ווייס — שוואַרץ. אין דער ווייסקייט לייכט אויף אסתּר׳קעס געזיכט, אין דער שוואַרצקייט פערשווימט עס ערגעץ ווייט און ציהט מיך אויך מיט. און מיר שווימען ביידע ווייט און טיעף, וואו עס איז נישטאָ קיין אויסלאָז און קיין אָנהויב, וואו עס איז נישטאָ קיין שעה׳ן, טעג און יאָהרען, וואו אַנ׳אויביגקייט שטעהט, וואָס ציהט אונז ביידען אין זיך אַריין. און אין אָט דער אויביגקייט, פאַר אַ שטומען העלען בליץ, נעהם איך אסתּר׳קען אַראָב פון בעט, אָהן אַ שאָרך, אין דער שטיל, מעכטיג און ציטעריג, און לעג זי צו מיר אויף די קניה, און איהר סאַמעטענער קערפּער וועהעט אויף מיר מיט אַ דופּ-טיגקייט, ווי אַ בלומען-קוסט וואָלט אין מיין שויס געזעסען אין אַ הייסען זומערדיגען פאַרנאַכט. און האַלטענדיג זי אויף די קניה, דריק איך זי שטאַרק און שטאַרקער צום האַרצען און בעט זיך ביי איהר און שעפּטשע צו איהר מאָנאָטאָנע, אָנגע-שטרענגט און כמעט ווי ווילד:

— אסתּר׳קע, אסתּר׳קע, אסתּר׳קע... שיק מיך צעהן מייל

אין רעגען געהן. אונטער בליצען. שיק...

— וואָס ווילסטו, האַרץ... — רעדט קוים אַרויס פונ'ם וואַ-רימען סאַמעט.

— שיק מיך צעהן מייל אין רעגען געהן...

האָפמאַן איז פּלוצלונג אַנטשוויגען געוואָרען מיט גרויסע טראָפּענס שוויס אויפ'ן שטערן. דאָס פּנים, ווי דער קול, איז איהם געענדערט געוואָרען. אָנגעהויבען האָט ער רוהיג און אפילו מיט לייכטער איראָניע, און איצט האָט ער שווער געאָטעמט און די ווינקלען ליפּען האָבען טיילמאָל געציטערט. דערצעהלען וועגען זיך איז, אַפּנים, נישט פון די גרינגע זאַכען און דעם אויפריכטיגען אודאי און אודאי נישט. דער אויפריכטיגער לעגט-צו האַרץ און ליידט דערביי. נאָר וואָס איז דער סוף? האָפמאַן האָט איבערגעווישט דאָס פּנים און רוישיג צוגערוקט אַ קאַלט גלאָז טיי. מיר האָבען אַלע געשוויגען און יעדער האָט, וואַהר-שיינליך, געטראַכט פון דער שענער, לופטיגער און אונבעקאַנ-טער אסתר'קען. איבעריגענס, איז אסתר'קע, ווי האָפמאַן זאָגט, מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט יעדען מאַנסביל, וואָס האָט אַ פּאָעטיש האַרץ. אַזאַ מיידעל, ווי אסתר'קע, קען נישט זיין אונבעמערקט, און אויפ'ן פּאָן פון איינטעניגען, נודנעם און קאַל-טען לעבען לייכט איהר פּנים פאַר אַ מייל.

דער סאַמאָוואַר האָט פון דאָס ניי אויפגעקאָכט, די בעל-הבית'טע האָט אָנגעגאָסען די גלעזער מיט רויטען טיי, און אין פענסטער איז שוואַרץ און שווייגענדיג געשטאַנען די נאַכט. אָט די שטומע שוואַרצקייט, וואָס דאָס גלאָז פון די שויבען האָט געמאַכט אַ מחיצה צווישען איהר מיט אונז, האָט זאַכט און פער-באָרגען אַריינגעשפּריצט אין מח אַ מחשבה וועגען טויט. אמת, האָפמאַן האָט ביז אַהער דערצעהלט וועגען אסתר'קען. אסתר'קע איז זעהר אינטערעסאַנט. נאָר די נאַכט, וואָס שטעהט אין דרויסען, איז אויך טשיקאַווע. די שוואַרצקייט איהרע איז בשום אופן נישט עהנליך צו נאַכט, נאָר צו כף-הקלע-פינסטערניש, וואָס איז אַ מחותן מיט'ן טויט. אַז מען מאַכט-צו די אויגען און מען הערט-אויף צו אָטעמען, ליעגענדיג אויף אַ בעט, אַרום וועלכער

עס שטעהען רפואות, מוז מען פיהלען אַזאַ שוואַרצקייט אויף זיך. איצט, אין דעם חדש, אין דער וואָך, אין דער נאַכט לעבען מיר אַלע, אויפ'ן טיש איז דאָ טיי מיט צובייסונג, און מיר הערען האָפמאַנ'ס מיעדען און האַרציגען ברוסט-קול. נאָר די דרויסענדיגע שטומע שוואַרצקייט, וואָס איז נישט עהנליך אָן נאַכט, רעדט אונז שטיל זוגן בעהאַלטען, אַז מיר אַלע וועלען שטאַרבען. ווען איז נישט בעוואוסט. אַלע וועלען מיר שטאַרבען: איך און האָפמאַן און לאַנדוי און זיין פרוי און די דיקע דאַמע, וואָס האָט ליעב אַ סך צוקער אינ'ם טיי און אויפ'ן האַנד זענען ביי איהר גריבעלעך. צי דאַרף זיין אַזוי? איבעריגענס, פאַרוואָס זאָל נישט זיין אַזוי? עס איז אייגענטליך אַלץ איינס און זאָל זיין וואָס עס וויל. איינס איז נאָר ריכטיג: וואויל איז דעם יעניגען, וואָס האָט אין אַזאַ שטומער געדיכטער שוואַרצקייט אַ ליכטיג וואַרים אסתר'קע.

— איהר האָט געהאַט אַ סך גליק, האָפמאַן — האָט לאַנדוי'ס פרוי געזאָגט, צורוקענדיג צו האָפמאַנ'ען אַ טעלעריל מיט טשאַסטקעלעך. — איך האָב גאָרנישט געוואוסט.

— מאַנסביל, אַז זיי ליעבען, פערשענערן זיי שטענדיג זייער אָביעקט, — האָט זיך אָנגערופען די דיקע דאַמע, — איז דען ווירקליך אסתר'קע געווען אַזוי.

— ביי מיר איז קיין ספק נישט, אַז אַזא איז געווען אסתר'קע, — האָט לאַנדוי פערטראַכט אַרויסגעזאָגט. — איך גלויב און איך פערשטעה האָפמאַנ'ען.

— ס'איז מיר עפיס אומעטיג פון דער גאַנצער מעשה, — האָט זיך מישב געווען לאַנדוי'ס פרוי און אויסגעשטעלט די אויגען צום פענסטער.

האָפמאַן האָט נישט געענטפערט. דער עולם האָט זיך נאָך דורכגעוואָרפען מיט קורצע פראַזען, און אַז מען איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן טיי און צובייסען, וואָס האָט גאָרנישט געדויערט, האָט מען געוואַרט אויפ'ן המשך. מיט די בליקען האָט מען געוואַרט, און עס איז געווען שטיל. האָפמאַן האָט פעררויבערט זיין צוויי מאָל שטאַרק אַ ציה געטהאָן דעם פאַפיראָס,

וואָס ער האָט געהאַלטען צווישען צוויי דינע פינגער. די הפסקה האָט איהם וועניג בערוהיגט, און ער איז נאָך אַלץ קענטיג געווען אונטער'ן איינדרוק פון אַזוי פיעל רייד.

— אייגענטליך, — האָט ער זיך נאָכאַמאָל פערצויגען מיט'ן פאַפּיראָס, — האָב איך שוין מיינס געענדיגט. געוויס געענדיגט. איך האָב אייך נאָר געוואָלט בעווייזען אַ פּעריל-מיידעל, אַ מיידעל-פּעריל — און גענוג. דערין איז עס דאָך געגאַנגען. נאָר איך פיהל, אַז איהר וואַרט אויפ'ן סוף. אפשר זענט איהר גערעכט. אַנ'אָנהויב טרייבט צום סוף. הויבט מען שוין אָן, מוז מען ענדיגען. איך קען אָבער נישט פערגעסען פרוי לאַנדוי'ס אַ פּראַזע, אַז עס איז איהר אומעטיג פון דער גאַנצער מעשה. איהר איז שוין אומעטיג. ס'אַראַ שטאַרקען אינסטינקט זי האָט! דאָס גוטע געהער דערקענט באַלד אינ'ם פרעהליכען דאָס אומעטיגע, און וועגען סוף איז גאָר נישטאָ וואָס צו ריידען. יאָ, אַ שווערע פּאָרציע איז מיר איצט געבליבען. נאָר לאָמיר ווירקליך פערענדיגען. אַז ריידען — איז ריידען. אַ יוד, זאָגט מען, קען קיינמאָל אַ גאַנץ ליעד נישט אויסזינגען און אינגאַנצען אַ מעשה נישט איבערדערצעהלען. ער בלייבט אין מיטען אָדער ער שפּרינגט-איבער אויף אַ נייער זאַך. לאָמיר בעווייזען, אַז דאָס איז קיין כלל נישט.

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן, עטוואָס אָבגעוואַרט און אָנגעהויבען:

— צו יענער צייט האָב איך מיך אינגאַנצען דערפיהלט ווי אַ זיעגער. דאָס האַרץ איז פול געווען מיט גליק. איך האָב מיך געמעגט אַזוי פיהלען — גאָט האָט מיר געשענקט די שענסטע קרוין און דאָס שענסטע קעניגרייך: אַ גרויסע עכטע ליעבע. ער האָט מיך צונויפגעפיהרט מיט'ן פּעריל. און ווי גרויס מיין גליק איז געווען, קענט איהר פערשטעהן דערפון, וואָס מיר איז ממש איינג געווען די ערד, אָט די טייערע מאַמע אונזערע, וואָס איז אַזוי ברייט און גרויס און פריי. איך האָב אויך געהאַט פּערדרוס, וואָס איך האָב קיין פליעגלען נישט און וואָס איך קען די שטערען נישט דערלאַנגען. אייגענטליך, קויפען די

שטורען האָב איך שוין לאַנג געקויפט פאַר אסתּר׳קען, אָבער איך האָב זיי בעדאַרפט בעטראַכטען, זעהן צי זיי זענען ווערט דעם פּרייז. און דאָס איז געווען אַ ביסעל צו-שווער און האָט פערשאַפט פערדרוס. איבעריגענס, זאָל זיך דאַכטען, אַז איך האָב געקויפט אין אַמעריקאַ אַ גוט און האָב עס נאָך נישט בע-קוקט. נאָר גליק, ווי איהר ווייסט, בלייבט גליק, און בשעת איך פליג אַמאָל געהן אַליין, אַזוי, אין אַ פאַרנאַכט, פלעג איך פיהלען, ווי עס ציהט זיך פונאַנדער דאָס האַרץ, ווי עס ווערט גרעסער, ווי עס וואַקסט און ווי עס לאַכט אין זיך — לאַכט, לאַכט, לאַכט. און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז דאָס הארץ איז נישט קיין טייל פונ׳ם מענשליכען אָרגאַניזם, וואָס האָט אַזאַ בעדייטונג פאַר זיין לעבען און פאַר זיין בלוט, נאָר אַ קריס-טאָלענער פּאַלאַץ, אין וועלכען עס ברענען גאָלדענע פייערן. און אָפטמאָל האָט איך מיר אַזוי געפּוישט דאָס גליק, האָט אַזוי געלויכטען דער קריסטאָלענער פּאַלאַץ, אַז מיר האָט זיך גע-וואָלט קושען די אייגענע הענד און דאָס פּנים. און, לאַכט נישט, איך האָב איינמאָל געפּרובט קושען דאָס אייגענע געזיכט פאַר אַ שפּיגעל, נאָר די אָפּעראַציע האָט זיך מיר, ליידער, נישט איינגעגעבען. אום צו האָבען אַזאַ שטימונג, זענען גאָר-נישט נויטיג די שוואַרצע נעכט מיט ווייסע בליצען, וואָס ווער-קען אַזוי שטאַרק אויף אַ פּאָר אין אַ בעזונדער צימער׳ל: ביי איהר אין צימער׳ל. איך וועל אייך בעסער נעהמען, פער-קעהרט, דאָס סאַמע אונבעדייטענדסטע. איך געה, צום ביישפּיעל, בייטאָג מיט אסתּר׳קען אין גאַס. מיר דאַרפען נאָר געהן איין שטיקעל וועג צוזאַמען. ביי אַ ראָג וועלען מיר זיך שיידען: איך מוז אַוועקגעהן אין איין זייט, זי אין אַ צווייטער. דערגעהען מיר צום ראָג און שיידען זיך. געה איך אַוועק אין מיין זייט, מאַך אַ צוואַנציג טריט גאַנץ רוהיג און געמיטליך און פערקוק מיך אפילו אויף אַ שילד. אויף דער שילד איז אויסגעמאָלט, לאָמיר זאָגען, קאָלבאַס. בעקוק איך דעם רויטען פלעק אויף דער שילד, וואָס דאַרף בעצייכענען קאָלבאַס, און בעוואונדער ביי זיך: גאָר שלעכטע אַרבייט. — מילא, זאָל זיין שלעכטע.

נאָר די מעשה, מיינע טייערע, איז אָבער נישט דאָס, וואָס די שילד איז שלעכט געמאָלט, זי געהט מיך אַ האָהר נישט אָן, נאָר דאָס, וואָס איך, דער גנב, ווייס ערגעץ טיעף ביי זיך אין האַרצען און וויל זיך כלומר'שט נישט אויסזאָגען, אַז איך וועל מיך באַלד אומקעהרען צוריק און וועל געהן אַ קוק טהאָן צום ראָג, וואו און ווי אַזוי געהט-אום אסתר'קע אויף גאָט'ס וועלט, און דאָס, וואָס איך באָמבעל מיך אַרום דער שילד, איז עס נישט מעהר, איך זאָל נישט אָבגעהן ווייט פון ראָג. און איך געה, פערשטעהט זיך, טאַקע באַלד צום ווינקעל גאַס און קוק, וואו אסתר'קע געהט. אָן געהט זי. אָן געהט אַ הויך שלאַנק מיידעל מיט איידעלע צאַרטע פאָרמען, אין אַ ברוין, כמעט קורץ קליידעל, מיט אַ לאַנגען צאָפּ אויפ'ן פּלייצע, מיט אַ דין זיידען שירמ'ל אין האַנד, מיט אַ צווייגעלע בעז אויפ'ן היטעלע, אין הויכע שיכעלעך, און איהר גאַנג איז אַ לייכט-שוועבענדע, אַ לופטיגע, ווי עס געהען ריינע, טרוימערישע און גליקליכע קינדער. און איך שטעה און קוק און טראַכט: זי איז מיינע. געה, אסתר'קע, געה. געה גליקליך, געה און בליה געהענדיג. דו ביזט מיינע. אפילו דעם שירמ'ל, דעם צווייגעלע בעז ווינש איך גליק פון ווייטען. נאָר פּלוצלונג קעהרט זי זיך אָב, דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, און איך דערפיהל ווי זי בעמערקט מיך, ווי עס שמייכעלט מיר פון דערווייטען אַ ווייס שורה'לע — די צייהן, און זי וואַרט אַ ווייל, און גלעט מיך מיט'ן אויג פון ווייטען און שיקט מיר אַ לייכטען נויג און ווערט זאַכט און לופטיג פערשוואונדען אין דער לאנגער גאַס, פיהלענ-דיג מיט הנאה, אַז איך קוק אויף איהר. נו, דאָס איז גאָר. אויסערליך איז דאָס אַ קלייניגקייט. אָבער אָט די קלייניגקייט קען דאָך בעזאָרגען אַ מענשען מיט גליק און פּאָעזיע אויף גאַנ-צע וואָכען.

זיך אָנגעהויבען פיהלען זיעגעריש האָב איך אייגענטליך סוף זומער, ווען אויף די בוימער איז שוין געלעגען דאָס גאָלד פון הערבסט און פאַרנאַכט האָט שרייענדיג געבלוטיגט דער ראַנד פון הימעל. פאַר'ן זומער האָט זיך אונזער ליעבע געשטאַרקט,

ווי אַ שיף, וואָס איז פריהער געגאַנגען אויף אונזיכערע וואַסערן און איז דערנאָך אַריינגעטראָטען אין מיטען ברייטען און רוהיגען ים. איך האָב שוין געקענט עפּיס טהאָן פאַר זיך, כראַכטען פון אוניווערזיטעט, ענטפערן אויף בריעף און אָנגעשריבען דעם ערש־טען בריעף אַהיים, אַ זאַך, וואָס איך האָב פריהער בשום אופן נישט געקענט. אָט די אַלע זאַכען זענען געלויטערט געוואָרען דורך אסתר'קעס ליעבע, און אַהיים האָב איך געשריבען זעהר אַ גוטען בריעף. אויפ'ן האַרצען איז געווען, ווי ביי אַ זיעגער, רוהיג, לייכט און גוט. אין מיר האָט נישט אַזוי געשטורמט ווי פריהר, דערפאַר אָבער איז מיר צוגעקומען אַ זיסע און אַנ'אונ־בעקאַנטע שפּירונג — די שפּירונג פון אַ מענשען, וואָס האָט גע־פונען פיעל מעהר, וויפיעל ער האָט געזוכט. און משונה אויפ־ריכטיג בין איך געוואָרען, ווי נאָך קיינמאָל נישט. איך האָב אַבסאָלוט נישט געקענט לייגען פון דאַנען אַהין. אין דער צייט האָב איך מיך איינמאָל אָנגעטראָפען מיט'ן אַלטען אין שטוב. קיינער איז נישט געווען. דער אַלטער האָט מיך טיעף אָנגע־קוקט מיט זיינע גוטע קורצזיכטיגע אָנגעלייענטע אויגען. פאַר דער לעצטער צייט פלעגט ער מיך בכלל, יעדעס מאָל, ביים אָנבעגעגענען, טיעף אָנקוקען, פונקט ווי ער וואָלט וועלען עפּיס אַראָבלייענען פון מיר און נישט קענען. איך האָב מיך עטוואָס אַ דרעה געטהאָן אַרום איהם, און, פּלוצלונג, גאָר אונגעריכט פאַר מיר, אַ זאָג געטהאָן:

— אייער איידעם וועל איך זיין...

דער אַלטער האָט טיעף מיך אָנגעקוקט, ווי מען לייענט אַ ספר, אין וועלכען עס איז אָבגעריבען דער שריפט און האָט מיך זעהר אויפמערקזאַם געפרעגט:

— וואָס? וואָס האָט איהר געזאָגט?

— איך האָב געזאָגט, — האָב איך מיר אויסגעצויגען, ווי מען שטעהט אויף אַנ'עקזאַמען, — אַז איך האָב זעהר ליעב, זעהר ליעב אסתר'קען... אַז מיר וועלען חתונה... האָבען...

צוליעב דעם אַלטענס אָנגעשטרענגטע אויגען האָבען ביי מיר אַ ציטער געטהאָן אין האַלז די לעצטע ווערטער. איבער־

ראַשט איז ער אָבער געוואָרען נישט אויף אַזוי פיעל, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. ער האָט נאָר פערקנייטשט דעם שטערן, אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און אַזוי ווי פאַר זיך אַרויסגעזאָגט:

— אַזוי... אַזוי... אָבער צי גלייכט זיך דאָס?

געפעלען בין איהם איהם אַלעמאָל געווען. נאָר אַז איך בין געקומען צו זיך אין צימער, האָב איך געהאַט שטאַרק חרטה דערויף. וואָס האָב איך צו ריידען מיט'ן אַלטען? ווי קומט עס צו מיר? און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס האָט געטהאָן אַ צווייטער און נישט איך. פייניגען לאַנג האָט עס מיך דאָך נישט געפייניגט — איך האָב זיך נאָר געשעמט מיט מיין אויפריכטיג-קייט און מיט מיין פויערישער אָפענהערציגקייט. אסתר'קע האָט זיך דערוואוסט פונ'ם געשפרעך דורכ'ן אַלטען. דער אַלטער האָט זי נישט אויסגעפרעגט, נישט אָנגעבונדען קיין דעות און נישט געשטראָפט, ווי אַלטע האָבען ליעב. ער האָט זי נאָר אַ קוש געטהאָן און אַרויסגעלאָזט אַ פּאָר טרעהרען. אָבער אסתר'קע איז געווען שטאַרק אונצופרידען פון דער גאַנצער מעשה.

— צו וואָס האָסטו עס בעדאַרפט? — האָט זי געוואָלט זיין בייז און האָט געשמייכעלט ביז לאַכען.

— צוליעב דיר, — האָב איך זיך פערענטפערט — איך קען אַנדערש נישט. מיר לייגט זיך נישט...

ווי די מאָדע איז, האָב איך געהאַט אַ גאַנצע חאַליאַסטרע בעקאַנטע. בעשטאַנען איז די חאַליאַסטרע פון סטודענטען, פון יונגע לעהרער, פון קינסטלער, פון לעדיגגעהער, פון וועמען איהר ווילט, און עס האָט זיך אפילו געבאָמבעלט צווישען אונז אַ קאָמערסאַנט, — אַ רייכער, בייכיגער און נאַרישער בחור, וועמען עס האָט כלומר'שט געצויגען צו העכערע וועלטען. סוף זו-מער, אַז עס האָט אָנגעהויבען שמעקען מיט אוניווערזיטעט, מיט אַרבייט, מיט קעלטערע נעכט, האָב איך אָנגעהויבען אַריינפיה-רען אסתר'קען אין דער חאַליאַסטרע. זי האָט נאָך ווייניג גע-זעהן מענשען אויף איהר לעבען און דאָ זענען געווען אַ סך אינטערעסאַנטע עקזעמפּליאַרען. עס פערשטעהט זיך, אַז אַמאָל קען זיין אַזאַ בעקאַנטשאַפט אַ סכנה. נאָר אַ זיעגער זעהט קיינ-

מאָל קיין געפאַהר נישט אַרום זיך. קיין איין געדאַנק, געדענק איך, האָט מיר נישט אונטערגעזאָגט, אַז איך דאַרף אסתּר׳קען נישט צונויפפיהרען מיט דער קאָמפּאַניע. און איך האָב עס מיט פערגעניגען געטהאָן. אסתּר׳קע איז זיך באַלד צונויפגעקומען מיט זיי, און אָהן אַ גוזמא וועל איך אייך זאָגען, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַ העלפט פון דעם עולם געווען שטערבליך פער־ליעבט אין איהר. און דאָס איז גאַנץ פערשטענדליך. בעזונדערס האָט זיך געריהרט פון זינען איינער אַ כהן, אַ יונגער סטודענט, זעהר אַ ליעבער און סימפּאַטישער בחור, אַ בעשיידענער, אַ פער׳־חלום׳טער און אַנ׳אויפריכטיגער. איך בין זיכער, אַז אָט דער כהן האָט דעמאָלט קיין איין נאַכט ני׳ט געשלאָפען, קיין איין מיטאָג צו דער צייט נישט געגעסען, און אַז ער האָט שטאַרק, שטאַרק געליטען. נאָר אסתּר׳קען האָט ער דאָך פון אויג נישט אַרויסגעלאָזט, און נישט קוקענדיג דערויף, וואָס מיר האָבען זיך גערעכענט פאַר גרויסע פריינד, האָט ער דאָך אויסגעפּרובט אַלע מיטלען — נישט קיין מאוס׳ע, פערשטעהט זיך — צו געווי־נען זי. דאָס איז געווען עפּיס אַ קרענקליך-הייסע ליעבע, און נישט איינמאָל האָב איך אַוועקגעקעהרט דעם קאָפּ, אַבי נישט צו זעהן, ווי ער מוטשעט זיך. צייטענווייז האָב איך דייטליך געפיהלט, ווי ער קושט זי אין דמיון: אַזוי הייס און דורשטיג זענען געהאַנגען זיינע אויגען אויף איהר. נאָר איינמאָל האָב איך איהם רעאַל געפּאַקט, ווי מען זאָגט, אויפ׳ן סאמע אָרט פון פערברעכען: ער האָט זיך אסתּר׳קען פייערדיג ערקלערט אין ליעבע... און נאָך איצט זעה איך אסתּר׳קעס פערלאָרענקייט, איהרע אַראָבגעלאָזטע אויגען, איהר פערבייסען אַ ליפּ, איהר אַרויסלאָזען דאָס שירמ׳ל פון האַנד, ווי זי וואָלט זיין אַ פער׳־משפּט׳ע, און זיינע ציטערדיגע זשעסטען מיט די גרויסע טראָ־פענס שווייס אַרום די שלייפען. דאָס איז געווען, נישט מעהר און נישט ווייניגער, ווי אין סקווער, וואו מיר זענען געזעסען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע. מיך האָט עמיצער אַ רוף געטהאָן, און אַז איך האָב מיך צוריקגעקעהרט אין עטליכע מינוט אַרום, האָב

איך אַקוראַט אָנגעטראָפען אויף דער חתונה, עטוואָס אָן אַ זייט פון עולם, נעבען אַ בוים.

— רעדט מיר נישט מעהר, — האָט אסתּר׳קע בלאַס אַרויס-געזאָגט, — מיר איז שווער...

און אַז כהן האָט מיך דערזעהן, האָט איהם אַ קרענקלי-כער שמייכער געקרימט די ליפען, ער האָט פלוצלונג גענומען פערשפיליען דעם מאַנטעל אויף אַלע קנעפלעך, זוכען מיט די אויגען אויף אַלע זייטען, איבערשטעלען די פיס, ווי איהם וואָלטען דריקען די שיך, און דערנאָך האָט ער אַרופגעלעגט די האַנד אויף מיין פלייצע און כמעט מיט אַ פערשטיקטען קול אַדורכגעלאָזט דורך די ציינער:

— האָפמאַן, איך האָב געוואָלט אַרויס׳גנב׳ענען דיין גע-ליעבטע דורכ׳ן פענסטער. מיין פערד איז אָבער געפאַלען אין מיטען וועג... די ווייסט נישט זיין ביין?

— האָסט בעדאַרפט וויסען, — האָב איך איהם פרעהליך אַרומגענומען, — אַז מיט אַזאַ פערד פאָהרט מען נישט גנב׳ענען אַ געליעבטע.

איך האָב געמאַכט אַ וויץ דערפון און מיר האָבען זיך צו-ריק אומגעקעהרט אויף אונזערע ערטער.

אסתּר׳קען איז ער געווען געפעלען. זי האָט איהם אויך געזשאַלעוועט און טיילמאָל פלעגט זי בעדויערן, וואָס ער איז איהר נישט קיין ברודער. פאַר אַ פערליעבטען בחור זענען דאָס גאָר שלעכטע סמנים, און, עס פערשטעהט זיך, קוים האָט אסתּר׳קע געהאַט צו איהם אַזוינע געפיהלען, האָט ער שוין ביי איהר קיין ערפאָלג נישט געקענט האָבען.

געוועזן איז אָט דער הערבסט בעזונדערס שען. אין די פאַרנאַכטען זענען די הימלען געווען איינגעטונקט אין דונקעלען פורפור, די לופט איז געווען וואונדערליך ריין, עס האָט גע-שמעקט מיט וויין פון דער ערד און פון די בוימער זענען לאַנג-זאַם געפאַלען צו די פיס שטיקער גאָלד. אין אָט די פאַרנאַכטען האָט דאָס פובליקום אין גאַס גאָר אַנדערש אויסגעזעהן. די הויט פון געזיכט איז ביי אַלעמען געווען אויסגעגלעט און פרי-

שער, אויף די אויגען האָט ביי יעדען געשפּיעלט אַ רויטער שטראַהל, און אַ טריט האָט יעדער געמאַכט אַ ברייטערן און אַ בעדייטערן. פאַר׳ן זומער איז אסתר׳קע אויסגעוואַקסען, זי איז געוואָרען רייצענדער, ווייבליכער און קערפּערליכער, און די שענקייט איהרע האָט לחלוטין אָבגעשטעלט מאַנסביל אין גאַס, פערבליפטע און מטושטוש׳ע, פרויען האָבען זי אויסגעמאָסטען נייגיריג און מיט קנאה און אפילו קינדער האָבען זיך אויף איהר פערקוקט. און ווי אויסערליך, אַזוי אינערליך: קינדיש-קאָקעטיש, אונשולדיג-מילד, גאַנץ, ריין, זויבער און ציכטיג און פריי צוזאַמען מיט עפּיס אַ ליעבער גרויסקייט, אַ חנ׳עוודיגען בעשיידענעם שטאָלץ, פאַר וועלכען עס האָט זיך ממש געוואָלט קניהען. עס איז געווען מאָדנע אָנגענעהם צו קוקען, ווי זי געהט אין גאַס, ווי זי שלינגט זון און ליכט און לופט, און לויט דעם ווי זי האָט געהאַלטען עטוואָס אויפגעהויבען דעם קאָפּ, איז געווען קענטיג, אַז זי האָט אַ סך האָפנונג און דורשט פאַר׳ן לעבען. און קוים האָב איך מיך פערקוקט אויף איהר, איז שוין געווען אַ סוף צו מיין אַרבייט, צו מיינע בעקאַנטע, צום טעאַטער, וועלכען מיר האָבען אָפט בעזוכט און, אַ פערליעבטער ביז׳ן לעצטען נערוו, פלעג איך זיך דרעהען אַרום איהר — און איהר און זיך משוגע מאַכען. איך פלעג איהר בוכשטעבליך נישט לאָזען עסען, נישט לאָזען שלאָפען, און אַז דער אַלטער פלעגט אַוועקגעהן, פלעג איך זי טראָגען איבער אַלע צימערן אויף די הענד. עפּיס אַנ׳אונרוהיגער גייסט פלעגט מיך בעפאַלען, און די רוהיגקייט, וועגען וועלכער איך האָב אייך נישט לאַנג גערעדט, פלעגט אויף אַ ווייל׳ע אָבטרעטען. בכלל איז שווער צו דערמאָהנען דאָס וואָרט רוהיגקייט אין ליעבע. אָפטמאָל פלעגען מיר אַרומפאָהרען גאַנצע נעכט אויף דראָזשקעס. די נעכט זענען קאַלטע, שטייפע און קלאָרע. די לופט איז אַזוי ריין, אַז מען קען גרינג איבערלעזען די סאַמע ווייטעסטע נומערן פון די שטוב-פאָנאַרען. וואוהין פלעגען מיר פאָהרען? איך ווייס אויך נישט. גלאַט אַזוי זיך. דאָס שפּעטיגע בעגינען פלעגט נעבעלדיג אַרויסטרעטען פון די האָריזאָנטען, אויף די דעכער פון די מויערן

און אויף די שטיינער פון ברוק האָט זיך קאַלט געריוכערט דער טוי, דעם פערד'ס פיס האָבען הילכיג, איינזאַם און וואַך גע-וועקט די בעגינען-שטילקייט, דאָ און דאָרט האָט אַ גאָראָדאָוואָי, פון מיטען גאַס, אָנגעקעהרט פויל און שלעפעריג דאָס רויטע פערגליווערטע פנים אויף אונז, און איך מיט אסתר'קען זענען געזעסען טיעף אין ביידעל פעררוקט, צונויפגעגאָסענע, איינגע-האַלזטע, איינאָטעמדיגע און האָבען ביידע געקוקט ווי שטיל, ערנסט און טריב עס ווערט, נאָך אַזאַ קלאָרער שטייפער נאַכט, געבוירען אַ הערבסט-טאָג.

— פאָהר! פאָהר! — האָב איך געטריבען דעם פוהרמאַן.

מיר זענען לייכט אָנגעטהאָן און אונז איז דאָך מחיה'דיג וואַרים. און, קומענדיג אַהיים, בעת דער טאָג האָט שוין גע-שפאַנט אויף די דעכער און די דוואָרניקעס האָבען רוישיג און בייז געקעהרט די גאַס, פלעגט מיך אסתר'קע אַרומנעהמען אין לאַנגען שווייגענדיגען קאָרידאָר, אַרומנעהמען אינגאַנצען, גע-דיכט, און פלעגט מיר אָנשעפטשען האַרט ביים אויער:

— גאָט מיינער! דו האָסט מיר אַזוי פיעל געגעבען...

און מיט שטילע טריט פלעג איך זי אַוועקטראָגען אויף די הענד צו איהר אין צימער אַריין.

בייטאָג האָב איך אָבער געמוזט אַרבייטען אָדער צונעהמען אַ גאַסט, און מאַנכע פלעגען אויף מיר דערקענען, אַז איך בין נישט אויסגעשלאָפען. זאָל זיין נישט אויסגעשלאָפען. נאָר אויב דאָס האָט בעמערקט אַ יונגערמאַן, איז עס זיכער געווען אויס קנאה, וואָס איך בין איהם עד-היום פון גאַנצען האַרצען מוחל. טיילמאָל פלעגט קומען כהן און זיך אַוועקזעצען אין ווינקעל אַ שווייגענדיגער. כהן איז געווען אַ דינער, אַ שלאַנקער, אַנ'עלאַס-טישער, ווי אַ יונג מיידעל, מיט אַ קליינעם בלאַסען געזיכט, מיט שוואַרצע אויגען, שוואַרצע האָהר און געגאָלטע וואָנסען. פערוואַרפענדיג אַ פוס אויף אַ פוס, פלעגט ער קוקען פון ווינ-קעל מיעד און געהאָרזאַם, און טיילמאָל פלעגען זיך איהם קלע-בען די שוואַרצע לאָקען צום שטערן: עס האָט איהם אַרויסגע-שלאָגען אַ שוויס. ער האָט אונז אָבער נישט געשטערט, און

אויב אונז דרייען פלעגט זיך איינגעבען גוט צו פערברענגען, פלעגט איהם דאָס אויג לייכטען מיט אַ פייכט פייער׳ל פון אַ פערליעבטען און ער פלעגט זאָגען מיט אַ בעזונדער ווייכקייט און האַרציגער איראָניע:

— ערלויבט מיר, אסתר׳קע, צו זיין אייער פאַזש... איהר זענט די בת-מלכה און האָפמאַן... וואָס האָפמאַן? האָפמאַנ׳ען וועל איך דורך אַנ׳אינטריגע פערטרייבען... און איך וועל זיין אייער פאַזש. נייהט אייך אויף אַ קלייד מיט אַ לאַנגען שלעפ. דאָס קלייד דאַרף זיין פון גאַז און גאָלד, מיט איידעלע בענדער און לייכט דעקאָלטירט... איך וועל אייך נאָכגעהן מיט פאַזשען-טריט און היטען אייער יעדע בעוועגונג. אייער בעפעהל וועט זיין פאַר מיר הייליג, ווי אייער לעבען, ווי אייער שמייכעל, ווי אייערע אויגען, און אויפשטעהן וועל איך פריה אַלע טאָג און דאָס ערשטע בעטען ביי גאָט, אַז עס זאָל זיך מאַכען אַ גוט וועטער און אַז איהר זאָלט אַ סך לאַכען פאַר׳ן טאָג.

און דאָס פייכטע פייער׳ל אין אויג פלעגט איהם פייכטער ווערען.

— גאָט האָט בעשאַפען אַזוי פיעל הימלען און זונען און שטערען, — פלעגען זיך איהם שטיל בעוועגען די הענד אין ווייסע מאַנזשעטען און דער קול פלעגט זיך גיסען ווייך און שכור׳-ליך-האַרציג, — זיי זענען אָבער קליין און נישטיג אַנטקעגען אייך. וואָרום מען קאָן אָן זיי פערגעסען צוליעב אייך. מען קאָן אָן גאָט פערגעסען. וואָס איך האָב געזעהן ביז אייך, האָט קיין בעדייטונג נישט. וואָס איך האָב געזעהן דורך אייך, האָט געלויכטען ווי דער מאָרגענשטערן אין אַ מאַי-אָווענד. מען קאָן זיך טועה זיין אין לעבען. מען קאָן זיך טועה זיין אין אַ טאַ-טען מיט אַ מאַמען, אין אַ ברודער און אַ שוועסטער. מען קאָן זיך טועה זיין אין אַ סימפאָניע, אין אַ פּאָעמע, אין דעם שענס-טען ווערק. אין אייך אָבער קאָן מען זיך נישט טועה זיין. איהר זענט אייביג... אייער פאַזש וויל איך זיין...

אסתר׳קע פלעגט זיך נישט-ווילענדיג רויטלען, נאָר גאַנץ נאַטירליך פלעגט זי איהם ענטפערן דערויף:

— פאַרוואָס זענט איהר נישט מיין ברודער?..

— אייער ברודער, זאָגט איהר, — פלעגט ער זיך שטיל, ווי נישט געלאַכט, פונאנדערלאַכען, — ניין, דאָס טויג נישט...

סוף-כל-סוף פלעגט עס אַוועקגעהן פאַר אַ וויץ און עס האָט נישט געשטערט. כהן איז גערן געוועזן, וואָס ער קען אָטע-מען מיט אסתר'קען חאָטש אין איין צימער. אַז מען קומט צו אַזאַ מדרגה, ווערען די יסורים אַ מין געוועהנהייט, זיי פערליע-רען די שאַרפקייט און מען פיהלט זיי וועניגער. און איצט, אַז כהן האָט אַמאָל פערפעהלט צו קומען, האָט זיך פשוט גע-בענקט נאָך איהם.

דער הערבסט איז שנעל אַוועקגעלאָפען, אַ רויטער און אַ ריינער, און אַז עס איז געוואָרען ווינטער, איז געקומען דאָס, וואָס האָט אויף לאַנג — אויף אייביג — צובראָכען מיין האַרץ. ווי דאָס איז נישט מאָדנע, נאָר מיין האַרץ האָט צובראָכען אַ קליין נישטיג מענשעל, פונקט אַזאַ נפש, וואָס איז מיר קיינמאָל אויפ'ן זינען נישט געקומען. דאָס איז געוועזן אַ כלומר'שטער קינסטלער, וואָס האָט זיך צוגעקלעבט צו אונזער חאַליאַסטרע. זיין קונסט איז בעשטאַנען דערין, וואָס ער האָט רוישיג און שרייענדיג געשפיעלט ראָיאַל, און אין שטאָדט, דאָס הייסט, צווישען בעקאַנטע, אין דער חאַליאַסטרע, האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ געניע. פון וואַנען ער איז געקומען האָט קיינער נישט געוואוסט. קיינער האָט אויך נישט געוואוסט, פאַרוואָס קומט עס איהם אַזוי גרינג דער האַרמאַטען-טיטול געניע. דעם דאָזיגען טיטול האָט איהם, אפנים, יעדער געטרויט אויף באָרג. פאַר זיינע לאַנגע שיטערע האָהר און נישט געשאָרענע נעגעל; פאַר זיין נישט אָנקלאַפּען אין טהיר, בעת ער קומט אַריין אין אַ צימער; פאַר זיין שפייען אויפ'ן מיטען פאָדלאָגע; פאַר זיין נישט-ענטפערן, בעת מען רעדט צו איהם און, איבערהויפּט, פאַר זיין גרויסער און אומגעלומפּערטער גאוה. מען האָט אויך געזאָגט, אַז ער איז אַ קאָמפּאָזיטאָר, אויסער ווירטואָז, אַז ער האָט ביי זיך צוויי פערענדיגטע סימפאָניעס, פון וועלכע אַ געני-אַלער קאָמפּאָזיטאָר איז געשפּרונגען ממש פון דער הויט. זיי

האָט אָבער אויך קיינער נישט געזעהן און דאָס האָט מען איהם אויך געטרויט אויף באָרג. איבעריגענס, צווישען קינסטלער דרע-הען זיך אָפט אַרום אַזוינע נפשות, לאַנגהאָריגע, פּרעטענדירענ-דע, פינסטערע, בייזע, חיטרע און חוצפה׳דיגע, וואָס קענען גאָרנישט און פערמאָגען גאָרנישט, מיט אימה׳דיגע, ווילדע, אונ-בעקאַנטע פאַמיליעס צי פסעוודאָנימען, פון וועלכע עס חאַפּט קאַלט ווערען ביים האַרץ. און איך האָב שוין איינגעזעהן, אַז קוים פערשווינדען זיי, קומען באַלד אַנדערע אויף זייער אָרט. די געניאַלע בריאה, וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אונזער חאַ-ליאַסטרע, האָט געהייסען נישט מעהר און נישט ווענ׳גער ווי ר ע מ אָ, מיט׳ן אַקצענט אויפ׳ן אלף. געוויס איז דאָס נישט גע-ווען זיין אמת׳ע פאַמיליע. איין גאָט ווייס, ווי אַזוי ער האָט געהייסען פון דער היים. נאָר יעדענפאַלס, אינ׳ם אויסקלויבען אַזאַ נאָמען איז פאַרהאַן אַ געוויסע חיטרעקייט. אויפ׳ן ברייטען עולם מאַכען אַ רושם אָט די צוויי זילבען, וואָס קלינגען פרעמד דעם יודישען אויער. דאָס היפּנאָטיזירט איהם. אודאי האָט רע-מאָ געטראָגען לאַנגע-לאַנגע האָהר, איז געווען משונה׳דיג קליין, שרעקליך מאָגער און מאוס ווי דער טויט. אויגען האָט ער גע-האַט אויסגעלאָשענע, שטאַרע, ליפּען אַרויסגעשפּאַרטע, פולע און שמאָלע, אַ שפּיציגע געמבע און אַ קליין קעפּעלע מיט אַ קליין שטערענדיל. נאָר אָט דאָס קינדערשע פיגורקעלע מיט די לאַנגע שיטערע האָהר, מיט׳ן פיצעלע שטערענדיל און קליינע שטאַרע אויגעלעך האָט ער אויסגעצייכענט אויסגעניצט. דאָס איז געווען זיין קרעמעל און זיין רעקלאַמע. און איך ווייס נישט, צי ער וואָלט זיך געוואָלט בייטען מיט אַ שענעם מאַנסביל. וואָרום שענ-קייט וואָלט איהם גאָרנישט געגעבען, בעת מאוסקייט האָט איהם געמאַכט פאַר אַ געניע. ער איז געווען אַ געניע, ווייל ער איז געווען מאוס — איהר פערשטעהט? אַזוי לכל-הפחות האָט ער גע-ווירקט אויפ׳ן עולם.

דורך אונזער קאָמפּאַניע האָט ער, קענטיג, געוואָלט בע-פעסטיגען זיין מוזיקאַלישע קאַריערע אין שטאָדט, און ער האָט אָפטער געשפּיעלט פאַר אונז. שטילע און לירישע זאַכען, האָט

ער, לויט מיין מיינונג, געשפּיעלט אַזוי שלעכֿט, אַז מען האָט איהם בעדאַרפט שלאָגען איבער די הענד. שרייענדיגע זאַכֿען ווייס איך נישט. אפשר האָט ער געשפּיעלט צו דערליידען, אָבער ער האָט אָהן רחמנות עקספּלאָאַטירט דעם רעכֿטען פּעדאַל. אַזוי, צי אַזוי — ער איז אַריין אין דער מאָדע ביי אונז, און שטאַרק. מען האָט איהם אומעטום געפיהרט, מיט אַלעמען בעקאַנט, געזעצט אויבענאָן און געמאַכֿט קאָמפּלימענטען. עס פערשטעהט זיך, אַז ביי אונז איז ער אויך געוואָרען אַנ׳אַריינגעהער, וואָס איז מיר גאָרנישט געווען צום האַרצען. איך מיין, אַז מיט גרויסען יושר און מיט אינערליכֿער ריינקייט האָט ער זיך אויך נישט אויסגעצייכֿענט. וואָרום איך האָב איהם איינמאָל געחאַפּט ביי מיר אין צימער, בעת קיינער איז נישט געווען, לעזענדיג מיינע אַ פּאָר צעטעלעך, וואָס זענען גאָרנישט בעשטימט געווען פאַר פרעמדע אויגען. ער איז אפילו רויט נישט געוואָרען און האָט זיי גאַנץ רוהיג אַוועקגעלעגט צוריק אויף זייער אָרט, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען אַ קליין צאַצקעלע פון אַ שרייבטיש. אויף אסתּר׳קען האָט ער פון אָנהויב געמאַכֿט אַ שלעכֿטען איינדרוק, אפשר זעהר אַ שלעכֿטען, וואָס האָט אָבער שטענדיג אַ געוויסע בעדייטונג פאַר אַ מאַנסביל. אַנ׳איידרוק אויף אַ פרוי דאַרף אַ מאַנסביל מאַכֿען אָדער זעהר אַ גוטען אָדער זעהר אַ שלעכֿטען, נאָר בשום אופן נישט קיין מיטעלמעסיגען. אַ מיטעלמעסיגער איינדרוק איז גע׳הרג׳עט. און עס פערשטעהט זיך, אַז רעמאָ האָט אָנגעהויבען שפּיעלען, האָט זיך דער איינדרוק געביטען, און זי האָט מיר פיעל מאָל געזאָגט, אַז אַ פייער ברענט אין זיינע פינגער.

— איך זעה דאָס נישט, — האָב איך זיך געשפּאַרט, — רוישיגע זאַכֿען שפּיעלט ער רוישיג, און נישט מעהר.

— ניין, — איז זי נישט איינגעגאַנגען, — פאַרהאַן פייער, פאַרהאַן ...

געהאַלטען האָט ער זיך פריי און חוצפה׳דיג, און אַז ער פלעגט זיך צוריידען, פלעגט איהם שפּריצען פון מויל און יענעם פלעגט ער נישט אויסהערען. פון מויל שפּריצט, שפּריצט, די

קליינע אויגען זענען פערזשמורעט, די הענד וואַרפען זיך איהם, פונקט ווי ער וואָלט זיך לערנען שווימען, די לאַנגע האָהר טרייסלען זיך אויפ׳ן קליינעם קעפּיל און דאָס פּיצעלע שטערן איז איינגעאַנצען איינגעטונקען אין קנייטשען, אַזוי, אַז עס זעהט זיך גאָר קיין שטערן נישט אַרויס. און נאָך איצט פערשטעה איך נישט, פון וואַנען האָט זיך ביי מיר דעמאָלט גענומען אַזוי פיעל געדולד צו איהם און ווי אַזוי האָב איך איהם נישט אַראָב־געוואָרפען פון אַלע טרעפּ. איך קען דאָס ממש נישט פער־שטעהן. וואָרום האַלטען פון איהם האָב איך נישט געהאַלטען, פון זיינע מאַניערען האָט מיר געעקעלט, זיין אַרט געהן האָט מיך דענערווירט און זיין קול האָט מיך אָבגעשטויסען. אָט האָט אַ מענש געהאַט אַ פאַלשען קול! פון אויבען איז עס געגאַנגען און שרעקליך גרילצענד, ווי אַ טהיר וואָלט געסקריפּעט. אַמאָל האָט ער אַרויסגעזאָגט אַזאַ פראַזע:

— דורך קלאַנגען זעה איך די וועלט און קלאַנגען האָבען פאַרבען. איהר, אסתּר׳קע, זענט אַ מאַלינאָווער פאַרב....

אסתּר׳קע האָט געשוויגען, נאָר אַז מיר זענען ביינאַכט געפאָהרען פון טעאַטער אַהיים, זיצענדיגביידע צוגעטוליעט אין שליטעל, האָט זי פערטראַכט און אַזוי ווי פאַר זיך אַרויס־געזאָגט:

— דורך קלאַנגען זעה איך די וועלט און קלאַנגען האָבען פאַרבען. איהר, אסתּר׳קע, זענט אַ מאַלינאָווער פאַרב.

— דיר געפעלט די פראַזע? — האָב איך פאָרזיכטיג אַ פרעג געטהאָן.

— יאָ, — האָט אסתּר׳קע נאַאיוו צוגעשטימט. — דאָס איז עפּיס מאָדנע געזאָגט... עפּיס זעהר מאָדנע... דו פיהלסט נישט?

דאָס ערשטע מאָל האָב איך דערזעהן אין אסתּר׳קען אַזאַ געשמאַקלאָזיגקייט. וואָרום די פראַזע איז דאָך נישט וויכטיג. אַ שענע, אַ מאוסע — אַלץ איינס. וויכטיג איז ווי אַזוי זי ווערט אַרויסגעזאָגט. און ער האָט זי אַרויסגעבראַכט פאַלש, נישט אויפריכטיג, שרייענדיג.

— גאָט מיינער! ער איז דאָך דורך און דורך פאַלש און

געמאַכט! — האָב איך מיך אויפגערעגט. — איך פערשטעה נישט, ווי קאָן דיר געפעלען אַ פראַזע, וואָס איז אַזוי נישט אויפריכ-טיג אַרויסגעזאָגט!..

— אַך! דו האָסט איהם שוין צופיעל פיינט... — האָט אסתר׳קע חנ׳עוודיג געשמייכעלט.

— אסתר׳קע!.. — האָב איך ווייך און פיינליך זי אָנגע-קוקט, — אסתר׳קע...

און איך בין אַנטשוויגען געוואָרען. נישט כדאי מעהר צו ריידען וועגען איהם, נישט כדאי זיך צו אַמפּערן. חאַפּט איהם דער רוח. און, ווידער, וואָס איז די עולה, אַז ער איז איהר געפעלען, אַז עס מאַכט אויף איהר אַנ׳איינדרוק אַ פאַלש-אַרויס-געזאָגטע פראַזע? זי איז נאָך אַזוי יונג, אַזוי האַרציג יונג, און מען מעג איהר געוויס מוחל זיין, ווען זי קאָן נאָך אַזוי גוט נישט אונטערשיידען צווישען פאַלש און אמת. איך האָב שוין געזאָגט, אַז אַ זיעגער זעהט קיינמאָל די געפאַהר נישט, און איך האָב גאָרנישט בעמערקט, ווי עס ציהט זי אַלע אָוועגד צו בונימאַנ׳ען: דאָס אָרט, וואו רעמאָ האָט פאַר אונזער קאָמ-פּאַניע געשפּיעלט ראָיאַל. בונימאַן איז געווען אַ רייכער און אַ בעוויבטער יונגערמאַן, וואָס האָט ביי אונז געהאַלטען דעם מאָ-נאָפּאָל אויף מבינות פון מוזיק. אַז בונימאַן האָט געזאָגט, אַז עס איז גוט, האָט מען געמוזט גלויבען, וואָרום ער האָט געהאַט אַ געזיכט אַ לאַ קריסטוס, האָט נישט איינגעטונקט אַ פינגער אין קאַלט וואַסער, איז אויפגעשטאַנען צוועלף אַ זייגער, האָט זיעבען מאָל אין טאָג געגעסען, האָט זיך אָפּטער געלאָזט נייהען נייע קאָסטיומען, איז געווען נאַריש, ווי אַ בהמה, און האָט בעוואוינט אַ סך שענע און רייכע צימערן. אַ רייכער טאַטע האָט אויף אַלץ געגעבען. און אָט דער בונימאַן האָט דער ערשטער, דאַכט זיך, אַרויסגעגעבען רעמאָ׳ן סמיכה אויף ראָיאַל...

געהן אַלע אָוועגד צו בונימאַנ׳ען איז פאַר מיר געווען אונ-געהויער שווער. אויסערדעם, וואָס ער איז געווען אונערטרעג-ליך, האָט זיך נאָך אין די רייכע צימערן זיינע אַרומגעדרעהט זיין בלאָנד ווייב, אַנ׳איבערגעוואַקסענע פרוי מיט אַ שרעקליך

הויכען בוזים, גוזמא׳דיג דעקאָלטירט, מיט אַנ׳אויפגעבלאָזענער פריזור, אין וועלכער עס זענען געווען מעהר שפּילקעלעך און קעמעלעך, איידער האָהר, מיט אַ העלען, פאַלשען און גאַסט-פריינדליכען שמייכעלע אויף שמאָלע פולע און פעטע ליפּלעך. פאַר יעדען גאַסט האָט זי געהאַט מיליאָנען קאָמפּלימענטען, איי-בערהויפּט, ווען דער גאַסט איז געקומען מיט אַ דאַמע, דאָס הייסט, ווען זי האָט דעם גאַסט בעזונדערס פיינט געהאַט, און בעת מעשה, ביי די סאַמע הייסע קאָמפּלימענטען, האָט מען דייטליך געקענט בעמערקען, ווי זי בעטראַכט און שאַצט-אָב דעם גאַסט׳ס קלייד, זיין פנים, זיינע שיך, און זוכט אויף איהם מיט די אויגען, ווי עס זוכט טיילמאָל אַ פרוי אין אַ פרעמדער קיך.

— אָט שוין, אָט באַלד וועט מען שפּילען, — האָט זי ליעבליך געטרייסט יעדען גאַסט, פונקט ווי די וועלט וואָלט אונטערגאַנגען פאַר׳ן גאַסט, ווען ראָמאַ זאָל, חלילה, דעם אָווענד נישט שפּילען, אָדער פונקט ווי זי וואָלט געהאַט אַ חלק אין זיין „געניאַליטעט“.

בונימאַן, ווידער, האָט זיך אומגעדרעהט מיט זיין פנימ׳ל אַ לאַ קריסטוס, אָנגעטהאָן אין אַ שוואַרצען שמאָלען סורטוק מיט שניי-ווייסע מאַנזשעטען, אין אַ קלאָרען געפּרעסטען איבערהעמד מיט אַ ברייטען שוואַרצען אויסגעבונדענעם שניפּס, גלאַט צוגע-שוירען און גלאַט צוגעקעמט, און אַ טריט האָט ער געמאַכט, פונקט ווי ער וואָלט אַרויסגעוואָרפען אַ פאַ אין אַ טאַנץ. און אַז אַלע געסט זענען שוין געווען צונויפגעזאַמעלט, האָט ער מיט אַ בעזונדער יראה אַנידערגעזעצט רעמאָ׳ן פאַר׳ן דריי-עקיגען שוואַר-צען גלאַנציגען ראָיאַל, וואָס איז געשטאַנען אויף קליינע גראָבע מעשענע רעדלעך, ווי אַנ׳אָנגעלאָדענע חיה, וואָס האָט איינגע-האַלטען דעם אָטעם, און מיט זיין קליינעם ווייסען הענדטיל האָט ער אַ פיהר געטהאָן צו די געסט: עס הויבט זיך אָן. רע-מאָ האָט אָנגעהויבען — און בונימאַן איז איהם געבליבען שטעהן הינטער׳ן פּלייצע מיט פערלעגטע הענד אויפ׳ן האַרצען, דעם קאָפּ אויף אַ זייט, מיט זיסע פערגלאָצטע אויגען.

— נו, אַזאַ שפּילען איז עטוואָס געטליכעס... — איז ער

אין די אַנטראַקטען געגאַנגען צו יעדען גאַסט בעזונדער, קאָקעטי-רענדיג מיט זיינע ווייסע הענדטלעך און שטעלענדיג דעם פוס אַזוי, ווי מען מאַכט אַ פּאַ. — אַך, ווי גרויס! ווי גרויס! איהר האָט געהערט דעם פינאַל? געהערט?

ביי אסתּר׳קען האָבען געברענט די אויגען און די באַקען, און געקוקט האָט זי ערגעץ ווייט אין איין פינטעל, ערגעץ איבער די ווענד פון שטוב, איבער דער שטאָדט, עק-וועלט.

— מיין ליעבער האָפמאַן, — האָט מיר כּהן איינמאָל אָנגעשפּטשעט בשעת אַנ׳אַנטראַקט, — דאָ איז עפּיס אַלץ שרעקליך געפעלשט. גאָט זאָל היטען.

אַ צווייט מאָל האָט ער מיך אָבגעפיהרט אָן אַ זייט, גענומען אונטער׳ן אָרעם, און, גלעטענדיג מיך מיט זיינע טיעפע פער׳חלום׳טע אויגען, האָט ער געפרעגט:

— דו בעמערקסט גאָרנישט?

— ניין, — האָב איך געזאָגט — דערפיהלענדיג, אַז מיר ווערט קאַלט און אַז איך פערשטעה, וואָס ער מיינט.

ער האָט זיך אָנגעבויגען און האָט גאָר שטיל אַרויסגעשפּעטשעט:

— האָפמאַן, דו פערליערסט אסתּר׳קען... און נאָך ערגער: אין אַ תּהום פערליערסטו זי... אַ תּהום ווערט זי איינשלינגען... אָט דער רעמאָ...

עס טרעפט אַמאָל מיט אַ מענשען, אַז ביי איהם ווייזען זיך איינינע סמנים פון אַ קראַנקהייט און ער פיהלט עס נישט, ביז עמיצער זאָגט איהם, אַז ער איז קראַנק — און ער ווערט טאַקע קראַנק. עטוואָס עהנליכעס איז איצט געווען מיט מיר. ביז אַהער האָב איך מיך אַלץ געוואויגען, נישט געווען זיכער, און איצט האָב איך דייטליך דערפיהלט, אַז אסתּר׳קע ווערט אַוועקגעצויגען אין אַ תּהום, אַז איך פערליער זי. נאָר אין מיר האָט זיך אויפגעבלאָזען די גאוה פון אַ פערליעבטען און אַ געליעבטען געגען אַ מענשען, וואָס איז נישט געליעבט געוואָרען פונ׳ם זעלבען מיידעל, און די גאוה פון אַ מאַנסביל, וואָס קען קיינמאָל נישט מושה ווערען דערמיט, אַז פון איהם זאָל אַוועק

די פרוי, און רויט ווערענדיג פון שעמעריי, וועלכע איך האָב פערמאַסקירט מיט בייזקייט, האָב איך געזאָגט:

— דו פלוידערסט, כהן. איך דערקען דיך נישט... אסתר׳קע און רעמאָ?.. חאַ-חאַ-חאַ...

און אין מיין חאַ-חאַ-חאַ איז געווען דערשטיקט אַ גרויסע טרעהר. איך האָב איבערגעווישט דעם שטערן און געהאַלטען זיך קריגעריש, גלייך, אָנגעצויגען. קיין איין מענש טאָר איצט נישט זעהן, וואָס אין מיר קומט פאָר. אַ ליעבע-וואונד טאָר אודאי קיינער נישט זעהן. כהן האָט מיר אומישנע נישט געענט-פערט, און אַז מיר האָבען זיך,ביידע געאַרעמט, געקעהרט צוריק אויף אונזערע ערטער, האָבען מיר געטראָפען אסתר׳קען אַ צו-פלאַמטע, ריידענדיג מיט בונימאַנ׳ען, און רעמאָ האָט אַרומגע-טאַנצט אַרום זיי.

— ער האָט פייער אין די פינגער, — האָט אסתר׳קע אַלץ דאָס איהריגע גע׳טענה׳ט.

— פייער און געפיהל! — האָט איהר בונימאַן אונטערגעזאָגט.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף דאָס קליינע הייסע גרופּע-לע — אסתר׳קע, רעמאָ און בונימאַן, און מיר האָט עטוואָס אַ שווינדעל געטהאָן פאַר די אויגען. מיט אַמאָל איז ביי מיר אָב-גענומען געוואָרען די פרייע האַלטונג מיינע און איך האָב מיך דערפיהלט נאַריש און כמעט ווי אונבעהאָלפען. שוין-זשע איז רעמאָ מיינער אַ קאָנקורענט? שוין-זשע קאָן אסתר׳קען געפעלען אָט דאָס קליינע מענשעלע מיט׳ן פיצעלע שטערן און לאַנגע האָהר? זאָל זיין, אַז דאָס שפּיעלט גוט; זאָל זיין, אַז דאָס איז אַ געניע; זאָל זיין, אַז דאָס האָט אָנגעשריבען צוויי סימפאָניעס, אַכצעהן, הונדערט סימפאָניעס; זאָל זיין, אַז דאָס איז אַ מלאך, אַ גאָט, אַ טייוועל — אָבער צי קאָן דאָס פערנעהמען מיין אָרט ביי איהר אין האַרצען, צי קאָן דאָס מיך, מיך פערבייטען? ביי אסתר׳קען קאָן איך נאָר זיין, און מעהר קיינער!

אַ זייגער איינס ביינאַכט איז מען זיך פונאַנדערגעפאָהרען. איך האָב געזעהן, ווי אסתר׳קע האָט לאַנג געדריקט רעמאָ׳ס האַנד, ווי איהר האָבען געפלאַמט די באַקען און ווי זי האָט

אויף איהם געקוקט מיט דיזעלבע בליקען, מיט וועלכע זי האָט אויף מיר פריהער געקוקט. אָט די בליקען זענען מיר גוט בע-קאַנט געווען: די נשמה איז אין זיי געלעגען. עס איז געווען אונגעהויער שווער צו שטעהן דערביי, פונקט ווי ביי אַ שווערער אָפּעראַציע, און כדי נישט צו ווייזען, אַז איך זעה, וואָס איך זעה, האָב איך דעם קאָפּ אָבגעקעהרט, וואוילעריש אַריינגעוואָר-פען די הענד אין די אַרבעל פון מאַנטעל און עטוואָס אויף אַ זייט אָנגעטהאָן דאָס בלויע סטודענטען-היטעלע. רעמאָ'ן האָב איך אויך בּרייט, הייס און פאַלש דערלאַנגט די האַנד. אַהיים זענען מיר געפאָהרען אין אַ קאַלטען שליטעל, אויף דער ערד איז געלעגען ווייסער האַרטער שניי, דער הימעל איז געווען שיטער-שוואַרץ, אין מיטען מיט בלייכע שטיקלעך, אויף די שוואַר-צע פענסטער פון די מויערן איז געהאַנגען אַ גרויסער נאַכט-עלענד, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך פאָהר איבער אַ וויסטען מדבר, וואו עס איז קיין וועג נישטאָ און קיין סוף נישטאָ. איך וועל אַזוי אייביג פאָהרען, און פון מיר וועט אויף אַ מינוט נישט אָבטרעטען די געפאַלענקייט מיינע. די גרעסטע געפאַלענקייט, צו וועלכער אַ מענש קאָן נאָר קומען.

— פאַרוואָס שווייגסטו? — האָט זי פלוצלונג ווייך אַ פרעג געטהאָן.

— איך ווייס? — האָב איך מיט אַנגסט געזאָגט.

— דו ביזט עפּיס אַנ'אַנדערער געוואָרען, — האָט אויף מיר אַ וועהע געטהאָן איהר אָטעם אין פנים אַריין.

— דו פ י ה ל ס ט דען? — האָב איך גראָב געפרעגט, דער-מאָהנענדיג זיך אָן איהרע בליקען צום פּיאַניסט.

— זיי נישט ברוגז... — האָט זי זיך גענומען בעטען מיט אַ קינדישער הילפלאָזיגקייט, — נו, וואָס בין איך שולדיג, איך האָב אַזוי ליעב מוזיק... אַזוי ליעב... עס שלעפּט מיך...

און אויף מיינע קאַלטע באַקען האָב איך דערפיהלט אַ הייסען און אַ דויערהאַפטען קוש. דעמאָלט האָב איך זיך אונטער-געגעבען. איך האָב זיך אונטערגעגעבען נישט דערפאַר, ווייל איך האָב איצט דערפיהלט, אַז קיין געפאַהר איז נישטאָ און

האָב פערגעסען אָן איהרע בליקען צו רעמאָ'ן — נאָר דערפאַר, ווייל איהר קוש איז געווען אַ הייסער און אַ דויערהאַפטער, און ווייל מיין פּאָזיציע איז שוין געווען אַ שוואַכע, און ווייל מיין נשמה האָט אַ שניט בעקומען און ווייל איך האָב מיר אויך געוואָלט איינריידען, אַז קיין געפאַהר איז נישטאָ, און, איבערהויפּט, ווייל איך האָב זי שרעקליך ליעב.

— אפשר זאָל איך אַלץ פערטראָגען, אַלץ אָננעהמען פאַר ליעב, ווי אַ פרומער גוטער יוד טהוט מיט גאָט, — האָב איך געטראַכט, אַרומנעהמענדיג זי מיט אַ מאָדנעם אונבעקאַנטען ציטער אין די הענד. — זאָל זי זיך איינליעבען אין רעמאָ'ן; זאָל זי לויפען אויף די פּוסטע און געשמאַקלאָזע אָווענדען צו בונימאַנ'ען; זאָל זי בליהען אונטער רעמאָ'ס שרייענדיגער מוזיק; זאָל זי פון מיר חוזק מאַכען, מיין האַרץ דורכלעכערן, פון זיך פערטרייבען, מיין יוגענד צונישטערן, מיין קאַריערע אַוועקפּטר'ן — איך וועל זי אַלץ ליעב האָבען און וועל זיין געהאָרזאַם און שטיל, און וועל אויף קיין זאַך נישט קלאָגען, און וועל קיין טענות נישט האָבען און וועל שווייגען ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך צו-פריה אָנגעזאַפּט מיט מעלאַנכאָליע און צער. איין בליק זאָל זי מיר נאָר שענקען, חאָטש פון צייט צו צייט, חאָטש פון אויבען אַראָב, חאָטש פון דערווייטען, אַ קאַלטען און אַ פרעמדען, נאָר אַ בליק פון איהרע אויגען — און מיט אָט דעם בליק וועל איך לעבען, וועל איך האָפען און טרוימען, וואָרום אסתר'קע איז פאַר מיר מעהר, איידער איך פאַר זיך.

אַזוי האָב איך געטראַכט, נאָר פונדעסטוועגען אַז אסתר'קע האָט ווידער אָנגעהויבען ריידען מיט התפּעלות פון מוזיק, האָב איך זי נערוועאיש איבערגעפרעגט:

— גאָט מיינער, מוזיק און רעמאָ איז ביי דיר איין זאַך! דו האָסט ליעב מוזיק, זאָגסטו, האַ? דאָס פערשטעה איך! אָבער פאַרוואָס געהט דיין התפּעלות אויף רעמאָ'ן? דאָס דענערווירט מיך! מוזיק איז איינס און רעמאָ איז צוויי! דו פערשטעהסט? מיש נישט רעמאָ'ן מיט מוזיק: מיט שאָפּענ'ען, מיט בעטכאָווענ'ען, מיט... מיט שומאנ'ען. זיי האָבען געשאַפען, זיי זענען

גאונים, און ער שפּיעלט בלויז — און שלעכט דערצו שפּיעלט ער! אָט דאָס, אָט דאָס מוזטו איינמאָל פאַר אַלעמאָל פערשטעהן!

ביי מיר האָבען געציטערט די ליפּען, די ווערטער זענען פערגאַלטע אומגעשפּרונגען אויף מיין צונג, איך האָב מיך צו-שריען ווי אַ וואַסער-טרעגער, און האָב זיך געפיהלט נישט סימ-פּאַטיש. איך האָב זיך אָבער נישט געקענט אויפהאַלטען: עס האָט מיך געטרייסעלט און געוואָרפען אויף'ן שליטעל. נאָר אסתר'קעס האַרץ איז וואונדערליך ווייך און צאַרט, און אַז מיר זענען גע-קומען אַהיים, האָט איהר אַזוי געריהרט מיין צער פאַר'ן היינ-טיגען אָוועגד, אַז זי האָט זיך שיער נישט צעוויינט. אפשר האָבען איהר דערמאָהנט די ווענד און דער קאָרידאָר און דאָס מעבעל און די לופט וועמען זי קאָן פערליערען, ווען זי זאָל נישט איבערהאַקען דעם שטראָם פון רעמאָ'ס מוזיק? איצט האָב איך זי בערוהיגט, געגלעט און איינגעשטילט, און דאָס איז געווען איינע פון די זיסטע נעכט אין מיין לעבען. בערוהיגענ-דיג אסתר'קען, דאָס הייסט, נישט מאַכענדיג קלאָרער די לאַגע, נישט אַריינדרינגענדיג מעהר אין איהר, נאָר אָבנאַרענדיג זיך און אסתר'קען, פערשטעלען די אויגען און פערגלעטען דאָס, וואָס הויבט זיך אָן שלעכט פערנעהמען צווישען אונז, — האָבען מיר ביידע געשענקט אַ סך גליק איינער דעם צווייטען, און איך האָב מיך אינגאַנצען בערוהיגט.

אויף מאָרגען, אַז איך בין געקומען פון אוניווערזיטעט, האָב איך לויט דער אויסגעשמירטער פּאָדלאָגע דערקאָנט, אַז רעמאָ איז דאָ געווען. איצט האָט עס מיר נישט אַזוי שטאַרק געאַרט. זאָל ער געהן אַהער, זאָל ער אומישנע קומען, ווען איך בין אין דערהיים נישטאָ, אַבי אסתר'קען זאָל נישט ציהען צו בונימאַנ'ען, וואו זי ווערט פער'שכור'ט מיט די הילכיגע און נאַרישע געשרייען פון ראָיאַל. אסתר'קע איז געווען רוהיג און האָט מיר באַלד דערצעהלט, אַז רעמאָ איז דאָ געווען און אַז אין אַ וואָך אַרום וועט ער געבען אַנ'אויסערגעוועהנליכען אָוועגד ביי דעמזעלבען בונימאַנ'ען פאַר אַ גרעסערן פובליקום. היינט

שפּיעלט ער אויך, און ער איז דאָס אומישנע געקומען איינלאַ-
דען אויפ'ן היינטיגען אָווענד.

— נייעס איז דאָס וויכטיגע, — האָב איך געזאָגט, — אָבער
נישט פאַר מיר.

— און פאַר מיר אויך נישט. — האָט אסתּר'קע אונטער-
געהאַפּט.

— איז ער דאָ לאַנג געזעסען? — האָב איך געפּרובט
שפּיאָנירען.

— לאַנג...

— און וועגען וואָס האָט איהר גערעדט? — האָב איך אַליין
גענומען שמייכלען איבער מיין שפּיאָנירען.

— וועגען מוזיק... — האָט זי אויך שמייכלענדיג געענטפערט.

— אַלץ וועגען מוזיק?.. — האָב איך פאָרזיכטיג איראָניזירט.

— נו, האַרץ מיינס, — האָט מיך אסתּר'קע אַרומגענומען
ביים האַלז מיט ביידע הענד, — וואָס ערגערסטו זיך אַזוי פון
מוזיק? ליעבער...

עס איז געווען עהנליך, ווי איך וואָלט שטרייטען געגען
מוזיק און האָב אַליין אונטערגעהאַקט דעם שמועס.

— פאַר דער לעצטער צייט ביזטו בלאַס געוואָרען... —
האָט אסתּר'קע שטיל און זעהר צאַרט מיר אָנגעשעפּטשעט ביים
אויער, קושענדיג מיך, — איך וועל דיר מיט קושען אויסשעפּען
די בלאַסקייט...

אין דעם אָווענד זענען מיר ביידע געווען אין טעאַטער.
בשעת מיר זענען געפאָהרען צוריק, איז געווען דיזעלבע נאַכט,
ווי נעכטען: אַ שוואַרצער הימעל מיט בלייכע שטיקלעך, אונטער'ן
שליטעל האָט געקנאַקט דער האַרטער שניי, אין פּנים האָט גע-
שלאָגען אַ שטעכיגער ווינד, אויף די פענסטער פון די מויערן
איז געהאַנגען אַנ'עלענד. אָבער היינט בין איך נישט געפאָהרען
איבער אַ מדבר, נאָר אין שטאָדט און צו זיך אַהיים. איך האָב
געהאַלטען אַרומגענומען אסתּר'קען און געשוויגען: דאָס אַלטע
גליק קעהרט זיך ווידער. שוין דאָס אַ ל ט ע? כהן איז אַ פּחדן,
האָב איך שטיל געטראַכט, און דאָס האָט ער מיך אָנגעטרונקען

מיט מורא פאַר רעמאָ׳ן, דאָס האָט ער אין הונדערט מאָל פער-גרעסערט רעמאָ׳ס כח אין מיינע אויגען. אַ פחדן זעהט שלעכט און זאַלצט-איבער, וואָס ער זעהט.

— אסתר׳קע, דו האָסט מיך ליעב? — גיב איך זי אונגע-ריכט און האַסטיג אַ פרעג, צורוקענדיג נאָהענט מיינע אויגען צו איהרע.

— ביזטו דען נישט זיכער?.. — גיט מיר אסתר׳קע ווייך אַ מורמעל אין פנים אַריין מיט׳ן בעקאַנטען דופטיגען אָטעם, וואָס ווירקט אויף מיר ווי כשוף, וואָס בעהערשט מיך און וואָס מאַכט מיך פערגעסען אָן אַלץ און אָן אַלעם.

— איך וועל גאָר לעבען מיט דער מינוט, — פאַלט מיר שפּעטער איין אַ געדאַנק. — אָט איצט איז מיר גוט? און גע-נוג! — וואָס דאַרף איך נאָך? ווער דאַרף דאָס טראַכטען וואָס מאָרגען וועט זיין, וואָס שפּעטער וועט זיין? ווער איז דאָס מחויב צו ערגערן זיך פון דעם? איך בין נישט קיין נאַר און וועל פון דער מינוט מאַכען אַנ׳אייביגקייט. אַנ׳אייביגע מינוט. אָט איצט אַ מינוט, און נאָך אַ מינוט, און אַ דריטע מינוט, און אַ פיערטע... אַזוי דאָס גאַנצע לעבען.

— אסתר׳קע, איך לייד!.. — שריי איך פּלוצלונג אויס, ווען דאָס שליטעל האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען אונזער הויז. — איך לייד, אסתר׳קע... דו האָסט מיר אַ וואונד געמאַכט!

אסתר׳קע ציטערט מיט די אַקסלען, קוקט מיך אָן אַ דער-שראָקענע און פערליערט זיך אינגאַנצען. איך מוז ווירקליך אויס-זעהן בלאַס. נאָר אין קאָרידאָר נעהם איך זי דאָך אויף די הענד און טראָג זי צו איהר אין צימער אוועק.

— לייד נישט... לייד נישט... — בעט זיך אסתר׳קע האַר-ציג און מוטערליך, און איך דערפיהל אַ וואַרימען טראָפּען אויף מיין באַק, — פאַרוואָס ליידסטו, מיין טייערער...

איבער וואַנד שלאָפט דער זיידע, און אסתר׳קע ווייכט זעהר, זעהר שטיל. אין דער פינסטער וואָלט מען גאָר נישט געקענט בעמערקען, אַז זי וויינט. נאָר די ברוסט בעוועגט זיך איהר שנעל און ציטריג און מיינע הענד זענען נאַס פון איהרע

ווארימע טרעהרען. אָבער מיט אַזוינע טרעהרען וויינט מען נישט לאַנג. מען מוז באַלד ווערען פרעהליך נאָך זיי, און אין איין פיערטעל שעה אַרום קאָן מען שוין גאָרנישט דערקענען, צי דער מענש האָט ערשט געוויינט. דאָס זענען לייכטע גוטע טרעהרען, און אסתּר'קע איז טאַקי שוין פרעהליך און מיר ווילעןביידע איבערגעהן צו מיר אין צימער, וואו מיר וועלען קענען פריי לאַכען.

— אָבער נישט ליידען מעהר? — פרעגט מיך אסתּר'קע פערקירצט, ווי מען פרעגט אַ קינד און שלאָגט מיך עטוואָס איבער'ן באַק.

— אָבער נישט וויינען מעהר? — פאַראָדיר איך זי און פערדריק איהרע הענדטלעך אין מיינע.

און אַזוי איז אַוועק די נאַכט. מיר האָבען ביידע נישט בעמערקט, ווי אין דרויסען האָט אַרויסגעשפּראָצט אַ ווייסע פערנעבעלטע חמאַרע, וואָס דאַרף זיין דער פריהמאָרגען פון אַ קורצען קאַלטען ווינטער-טאָג. די נאַכט האָב איך נישט געשלאָפען — און אין אוניווערזיטעט אויף די לעקציעס בין איך דאָך געגאַנגען. מען דאַרף אַרבייטען, מען דאַרף זיין מוטהיג, האָב איך געטראַכט.

נאָר רעמאָ האָט אַלע טאָג בעזוכט אסתּר'קען, און, פערשטעהט זיך, אַקוראַט דעמאָלט, בעת איך בין אין דערהיים נישט געווען. דאָ איז געלעגען עפּיס אַ כּונה, אַ בעהאַלטענע טענדענץ, וואָס איז, איבעריגענס, געווען גאַנץ פערשטענדליך פאַר אַ יעדען. שוין איז דאָס אָבער נישט געווען. ממה-נפשך, אויב דו ווילסט נישט אַנדערש ווי בעזיעגען אסתּר'קען, טאָ קום בעת איך בין דאָ. דאָס איז ריטערישער און מאַנסביילשער. אַ פרוי איז נישט קיין בגד, און אויב דו פיהלסט, אַז דו האָסט כּח צו פערמעסטען זיך מיט מיר, טאָ מאַך דאָס אָפען און רעעל. אסתּר'קע האָט דאָס אויך געפיהלט, און ווי שטאַרק זי האָט פון איהם נישט געהאַלטען — דאָך זענען איהר געווען שווער זיינע וויזיטען. געשפּיעלט האָט ער אַלע טאָג און אַלע טאָג האָט ער זי געבעטען קומען האָרכען זיין מוזיק. אסתּר'קע האָט זיך אָבער

אויסגעוויזען גלייכגילטיג צו די דאָזיגע אָװענדען, איבער מיר, פערשטעהט זיך.

ביסלעכווייז האָט זיך אונטערגערוקט דער טאָג, ווען רע-מאָ האָט בעדאַרפט געבען זיין אויסערגעוועהנליכען קאָנצערט פאַר אַ גרויסען קרייז מענשען. דער לעדיגגעהער בונימאַן, וואָס האָט מעהר קיין דאגות נישט געהאַט, האָט זיך אַזוי געסטאַרעט ווע-גען דעם, אַז ער האָט אַבסאָלוט אויפגערודערט אַ האַלבע שטאָדט. וועגען אָט דעם קאָנצערט, וואָס איז געווען דאָס גרעסטע אומ-גליק אין מיין לעבען, האָב איך שוין געהערט אין אוניווערזי-טעט און אין גאַס און פון זייטיגע אפילו. עס האָט געקלונגען מיט איהם. מיט אַ טאָג פריהער האָבען מיר בעקומען אַנ׳איינ-לאַדונגס-קאַרטע מיט געקוועטשטע גאָלדענע ברעגען, אויפ׳ן גרוי-סען אייראָפּעאישען שטייגער. פון דער דאָזיגער קאַרטע האָב איך דערפיהלט אַ מין געזאַלצענקייט אויף דער צונג, עס האָט מיר געעקעלט, אָבער איך האָב דאָס נישט אַרויסגעוויזען. איך האָב פּשוט מורא געהאַט צו זיין לעכערליך מיט מיין עקעל. פאָר-זיכטיג און דיפּלאָמאַטיש האָב איך אַ פרעג געטהאָן אסתּר׳קען, צי זי וויל געהן. אסתּר׳קע איז רויט געוואָרען, און אַ בלינדער האָט געקאָנט דערקענען איהר חשק.

— נו, דאָכמאָל פאָהרען מיר צו בונימאַנ׳ען, — האָב איך גרויסמוטהיג אַרויסגעזאָגט, — אודאי דאַרף מען הערען דעם הייג-טיגען קאָנצערט.

איך בין געווען נישט אויפריכטיג אַלץ צוליעב דעם איי-גענעם טעם — נישט אויסצעווייזען לעכערליך. איך האָב אויך גע-זשאַלעוועט אסתּר׳קען: איהר האָט אַזוי געצויגען אויפ׳ן קאָנצערט.

— ווי דו ווילסט, — האָט אסתּר׳קע חנ׳עוודיג אַרויסגע-זאָגט, און איך האָב שוין בעמערקט אין איהר עפּיס אַ בעזונדער פערבאָרגענע איילעניש: — אָבער אויב מיר וועלען פאָהרען, זאָלסטו ד אָ ר ט ע ן זיין רוהיג... אַניט וויל איך נישט. איך קאָן נישט זעהן ווי דו ליידסט...

איך האָב איהר אַ קוש געטהאָן אין די האָהר און עטוואָס אויפגעהויבען איהר פּנים צו מיר, ווי עס טהוט אַ רבי מיט אַ

גוטען תּלמוד, בעת יענער פרעגט איהם דאָס, וואָס ער האָט מיט איהם געלערנט.

— אסתּר'קע, — זאָג איך, פיהלענדיג ווי מיר ציטערט דאָס בלוט פון ליעבע, — שוין-זשע מיינסטו, אַז איך וויל ביי דיר אָבנעהמען דאָס פערגעניגען פון מוזיק? פאַר מוזיק וואָלט איך אַליין געגאַנגען צעהן מייל צו-פוס. דאָס איז אָבער קיין מוזיק נישט, נאָר אַ בונימאַן און אַ בונימאַניכע און אַ רעמאָ, וואָס פער-שרייען דיך, וואָס נאַרען דיך, און עס איז שווער צו אָטעמען צווישען זיי...

— פאַרוואָס פיהל איך דאָס נישט? — האָט זי גרינג און נאַאיוו געפרעגט.

— אָט דאָס טויג דאָך נישט.

— ער שפּיעלט דאָך אָבער אַזוי גוט, — האָט זי זיך עט-וואָס בעוועגט אין מיינע הענד מיט אַ פערשטראַהלטער מחשבה אין די אויגען, — אַזוי גוט...

אויף אַ ווײלע האָב איך ווידער דערזעהן כּהנ'ען מיט זיין קלוג און דין געזיכט, ווי ער צופיהרט עטוואָס מיט די הענד און סטראַשעט מיך מיט געפאַהר. כּהן האָט אודאי געמוזט זעהן מעהר פאַר מיר — כּהן איז נישט גליקליך... נאָר מען דאַרף זיין שטאַרק, מען דאַרף אָבוואַרפען פון זיך אָט די נאַרישקייט, ווי מען וואַרפט פון זיך אָב אַ שלעכטען חלום און מען דאַרף דוקא פאָהרען מיט אסתּר'קען אויפ'ן היינטיגען אָווענד, אפילו ווען זי זאָל נישט וועלען. העכער פון אַלץ איז פרייהייט און שטאַרקייט, אפילו העכער פון ליעבע. און נאָר אַ פרייער און אַ שטאַרקער מענש קאָן דעריבער ליעבען און געליעבט ווערען. און זיכער, מיט אַ מין צייהן-פערדריקונג האָב איך אַוועקגעפיהרט אסתּר'קען צו בונימאַנ'ען.

אויסערליך איז דער אָוועגד איינגעאָרדענט געוואָרען מיט גרויס פּאָמפּע. מען האָט צוגעגעבען אַ סך לאָמפּען און ליכט, די שטוהלען זענען אויסגעשטעלט געוואָרען אין אַ האַלבען קרייז, און אויף יעדען שטוהל איז געלעגען אַ בלויע געדרוקטע פּראָ-גראַמקע. בוניכאַן, אין אַ שמאָלען, פון אויבען ביז אַראָב פער-

קנעפּעלטען סורטוק, איז יעדען אַנטקעגען געקומען מיט זיינע פּאַ-טריט, און, צושאָקלענדיג פערגאַפּט מיט'ן קאָפּ, וואָס דאָס האָט בעדאַרפט בעדייטען, אַז דער, וואָס איז געקומען, טהוט די קליגסטע זאַך אויף דער וועלט, האָט ער יעדען גענומען אונ-טער'ן אָרעם, לייכט אַ פיהר געטהאָן איבער דער געקעסטעלטער פּאָדלאָגע, צווינגענדיג יענעם אויך צו מאַכען פּאַ-טריט, ווי ער, שאַרף און ערנסט זיך אַרומגעקוקט און דערנאָך שטיל און אינ-טים אַרויסגעשעפּטשעט:

— היינט די זעקסטע ראַפּסאָדיע... ליסט'עס... דאָ וועט געשעהן עטוואָס קאָלאָסאַלעס...

פרוי בונימאַן, מיט פולע, רויטע און אַראָבגעהאַנגענע באַקען, מיט אַ שרעקליך הויכער פריזור, בעלעגט מיט אַ סך קע-מעלעך און שפּילקעלעך, פערשטייפט אין אַ קאָרסעט, פון וואָס זי איז אויסגעקומען נאָך דיקער, ווי זי איז, מיט בלישטשענדי-גע אויערינגלעך און פינגערלעך און בראַסלעטען, וואָס האָבען ליכטיג געשמייכעלט פון זייערע ערטער צו די פרעהליכע לאָמ-פּען און הויכע מעלאַנכאָלישע ליכט — האָט זיך צופריעדען און יום-טוב'דיג בעוועגט צווישען די געסט, אויפגענומען זיי נאָך מיט מעהר זיסקייט ווי אַלעמאָל, געפיהרט זיי איבער די צי-מערן, אויפגעהאַלטען זיי אַ רגע און פערטרויט אַ סוד. זי האָט נאָכגעטהאָן דעם מאַן און האָט יעדען איינגערוימט דעמזעלבען סוד, אַז היינט וועט געשפּיעלט ווערען די זעקסטע ראַפּסאָדיע. נאָר אַנ'אישה בלייבט אַנ'אישה, און טאַקי באַלד, נאָכ'ן סוד, האָט זי יעדערן גאַנץ וואָכעדיג און ניכטער געפרעגט צי וויל-מען טיי.

רעמאָ האָט ממש געלויכטען אין אַ שוואַרצען פראַק און נייע לאַקירטע שיך. דער קליינער שטערן זיינער האָט זיך גע-טרונקען אין אַ ים פון דראָבנע און צופריעדענע קנייטשעלעך, די אויגלעך האָט ער וויילעווייז געזשמורעט, און ער האָט בשום אופן נישט געקענט בעהאַלטען די הנאה פון זיין באַלדיגען קאָנ-צערט. נאָר דער פראַק האָט איהם דאָך נישט געפּאַסט. פאַר אַ פראַק האָט רעמאָ קיין וואוקס נישט געהאַט, און ער האָט דער-

מאָהנט אָן די קליינע ברואים׳לעך, וואָס שטעהען ביי די טהי-רען פון אַ קינעמאַטאָגראַף. עס איז אָבער געווען זיין יום-טוב, און די פראַגע, צי וועט ער היינט שפּיעלען גוט צי שלעכט, האָט איהם, אַפּנים, ווענינ בעריהרט. און דאָס ווייס איך: ווען ער וואָלט ווירקליך געווען אַ קינסטלער, וואָלט איהם די פראַגע יאָ געקימערט. ווארום עס איז נישטאָ אַ קינסטלער אָהן ספקות. טעמפּע, אונבעגאַבטע נאַטורען זענען קאַלט און זיכער אין זייער קונסט.

אין די אויגען האָבען זיך געוואָרפען אַ סך נייע געסט, גאָר אונבעקאַנטע. בעזונדערס האָט מיך פּעראינטערעסירט אַ בע-יאָהרענטער קריסט מיט אַ שכור׳ער נאָז, מיט לאַנגע האָהר, מיט פערגאָסענע אויגען און מיט עפּיס אַ שול-צייכען אויפ׳ן לאַץ. די גאַנצע צייט איז ער געזעסען אויפ׳ן שטוהל, און איך בין גע-זוען זיכער, אַז ער איז איצט, טאַקי דאָ, אין זאַל, שכור. בו-נימאַן האָט איהם שטאַרק מקרב געווען. אויסערדעם האָט ער איהם אָפטער עפּיס אָנגע׳סוד׳עט אויפ׳ן אויער, נאָכגעפרעגט וואָס, זשעסטיקולירט מיט די ווייסע הענדטלעך סאַמע נעבען דער שכור׳ער נאָז און צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. עס האָט זיך פערוואָלט ווי-סען, ווער איז דער אַלטער, און איך האָב געפרעגט בונימאַנ׳ען.

— אַ וועטערינאַר-דאָקטאָר... — האָט ער איילענדיג גע-ענטפערט, — איינער פון די גרעסטע מבינים אין שטאָדט אויף מוזיק...

דער ענטפער האָט מיך בערוהיגט.

צווישען פּובליקום האָט זיך אויך געוואָרפען אין די אוי-גען זעהר אַ שען מיידעלע פון אַ יאָהר זיעבעצעהן, מיט שוואַר-צע קורצע געקרייזעלטע האָהר, גרויסע שוואַרצע פערטרוימטע אויגען און אַ ווייסען דינעם האַלז. זי האָט אויסגעוויזען נאַאיוו, קינדיש, שעמעוודיג, האַרציג און אונגעהויער שען. האָטש נעהם זי צו זיך אויפ׳ן שויס און גיב איהר צאַצקעס. אָבער די פּרוי האָט זיך אין איהר דורכגעשלאָגען, ווי עס שלאָגט זיך דורך אין גאָרטען אַ יונג גרעזעלע אָנהויב פריהלינג, וואָס איז אַזוי פער-

שטענדליך דעם קלוגען מאַנסביל, און דעריבער האָט זיך געקוקט אויף איהר פאָרזיכטיג און עטוואָס צוריקגעהאַלטען.

עס איז מיר שווער צו זאָגען, ווי אַזוי האָט אויסגעזעהן אסתר׳קע. באַנאַלע פראַזען בעטען זיך אויף דער צונג. דאָס איז אַ סמן, אַז מען ווערט פערשטומט, אַז מען ווערט פערבלענדט. מען האָט געקאָנט פערבלענדט ווערען. און אַ מאָדנע זאַך: די גאַנצע שענקייט איהרע האָב איך שטענדיג בעמערקט נאָר ביי בונימאַנ׳ען, אַפּנים, ווייל איך בין דאָרטען וועניג זיכער געוועזן. ערשט איצט, ערשט דאָ האָב איך בעמערקט, אַז ביי איהר איז שוין אַ רייפער האַלז: אַ ווייסער רונדער האַלז און רייפע אַקסלען—רונדע, געטאָקטע, אַזוי ווי מאַסיווע, וואָס זענען אַזוי קענטיג אונטער דאָס בלוזקעלע. גאָט מיינער! דאָס איז דאָך שוין אַ פרוי, אַ טיפּישע סאַלאָן-פרוי — נאָר אָהן דעם סאַלאָן-שמייכעלע, אָהן די געמאַכטקייטען פון סאַלאָן, און אַנ׳אונשולדיגע. דאָס ערשטע מאָל האָט זי איצט פונ׳ם צאָפּ געמאַכט אַ פריזור, פון וואָס זי איז אויסגעקומען העכער, חנ׳עוודיגער, עלטער און אויס-דרוקפולער. און נישט אומזיסט האָט דער ליעבער כהן, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטען אַרום אונז, מיר אַ זאָג גע-טהאָן פאַרבייגעהענדיג:

— ווי אַ גומקע זאַפּט אין זיך אַריין וואַסער, פערשטעהסט? אַזוי זאַפּט אסתר׳קע אין זיך אַריין פרישע שענקייט... צו בע-וואונדערן.?.

ווי אַלעמאָל, איז כהן געוועזן בלאַס, פערטיעפט און אונ-צופריעדען. מיט זיינע שענע זוכענדיגע אויגען, וואָס האָבען איהם מיט אַ בעזונדער חלום-גלאַנץ געברענט אונטער׳ן ווייסען שטערן, האָט ער לאַנגזאַם געשפּרייזט צווישען פּובליקום, אָנ-האַלטענדיג מיך אָפטער ביי דער האַנד, און טיילמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איהם פערפעלט אָטעם. אפשר האָט ער איי-נער מעהר פון אונז אַלעמען געפיהלט דעם גאַנצען עקעל פון אָט דעם הויז, וואו מען איז כּלומר׳שט מקרב קונסט, וואו די בעל-הבית׳טע איז טעמפּ, פלאַך און פאַלש און דער בעל-הבית נאַריש, בעריהמעריש און קען אַ קאַץ אַנ׳עק נישט פערבינדען;

וואו מען טהוט גאָרנישט גאַנצע טעג, וואו מען לעבט פון אַ טאַטענ'ס גאָב, און וואו עס שטעהט אַ גוטער ראָיאַל, אויף וועל-כען די בעלי-הבתים אַליין קענען נישט שפּיעלען. נאָר כּהנ'ס אויגען זענען פעהיג אונצושטעקען אַ צווייטען מיט אומעט, און קוים דערפיהל איך אין זיך אומעט, הויב איך אָן נאָכצוקוקען אויף אסתר'קען מיט רעמאָ'ן און געפין, נאָך פּאַר'ן שפּיעלען, אַז אסתר'קע איז אַזוי ענטציקט, אַז זי שוועבט ממש אין דער-לופטען. עפּיס אַזוינס, וואָס מען קען נישט בעשטימען, שטראַהלט אויף איהר, ווי די זון אויף אַ זילבערנעם טייכעל, די נאַאיווע צייהן באָדען זיך אין אַ העלען שמייכעל, אין די אויגען טוקט זיך אַ גליקליך פייער, די הויכע נייע פריזור מאַכט אונגעהויער אויסדריקפול דאָס געזיכט, און מען קאָן זעהן בחוש, ווי יעדער נערוו, יעדעס טראָפּעלע בלוט לעבט אין איהר. ווער און וואָס האָט זי אַזוי ענטציקט? דאָס איז אַ פראַגע, וואָס האָט מיר אָפּ-טער קאַלט געמאַכט דאָס האַרץ, פונקט ווי עמיצער וואָלט צו-געלעגט אייז צום ברוסט.

אַ זייגער נײַן האָט מען זיך געזעצט אויף די ערטער. אויף די בלויע פּראָגראַמקעס איז בעזונדערס געווען אונטערגע-שטריכען די זעקסטע ראַפּסאָדיע פון ליסט... בונימאַן האָט אויפ-געהויבען דאָס דעקעל פון ראָיאַל, און אַ לאַנגע שורה ווייסע צייהן האָט פרעהליך אַ שמייכעל געטהאָן. רעמאָ האָט אַרויפגע-לעגט די פינגער אויף זיי... איך געדענק נישט, וואָס ער האָט געשפּיעלט צום אָנהויב. בכלל האָב איך קיינמאָל נישט געוואוסט וואָס ער שפּיעלט. צוליעב דעם גוזמא'דיגען גערויש איז איינס אויסגעקומען עהגליך אָן צווייטען. נאָר געפיהלט, דאַרף איך אייך זאָגען, האָב איך, אַז דער ערפאָלג זיינער וואַקסט פון מי-נוט צו מינוט. דאָס שפּיעלען האָט מיך נישט אינטערעסירט, און איך האָב דעריבער גוט געקאָנט זעהן די מדרגה פון ערפאָלג. דער וועטערינאַר מיט דער שכור'ער נאָז האָט זיך פון התפּעלות געוויעגט אויפ'ן שטוהל. בונימאַן אַליין האָט ווײַלעווייז אָבגע-קעהרט דעם קאָפּ צו יעדען בעזונדער און אויפגעלעגט די ליפּען אין אַ טרייבעלע, פערגלאָצענדיג די אויגען, ווי אַ פרומע יודענע

ביים טייטש-חומש. מאַנכע פון די געסט האָבען פערבאָרגען די פנימ'ער אין די הענד און אַראָבגעבויגען זיך צו די קניה, און אסתר'קע האָט מיט גרויסע פייכטע אויגען געקוקט אין איין פינ-טעל אַריין. דאָס מיידעלע מיט די געקרייזעלטע האָהר איז פער-גליווערט געוואָרען, ווי אַ סטאַטוע, מיט אַ בעגייסטערטער תּנועה אויפ'ן פּנים.

שוין ביי דער ערשטער הפסקה האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורם. מען האָט איהם שיער נישט צוריסען פון עקסטאַז. דער וועטערינאַר האָט געוויינט מיט גרויסע שכור'ע טרעהרען. בוני-מאַן, וואָס האָט בעדאַרפט, אַלס בעל-הבית, נעהמען מיט אַ טאָן העכער, האָט זיך געוואָרפען אַרויף און אַראָב, ווי אַ מענש, וואָס טרינקט זיך און קאָן זיך נישט ראַטעווען, און אסתר'קע האָט שוין רעמאָ'ן געהאַלטען אונטער'ן אָרעם און איהם שטום אָנגעקוקט מיט שטעהענדיגע פייכטע אויגען. דאָס איז געווען איהר קוק, בעת זי האָט זעהר, זעהר ליעב געהאַט. יאָ, אָהן רייד, אָהן בעווייזען, אָהן ראיות איז פאַר מיר קלאָר געוואָרען, ווי אַ בליץ וואָלט זיך צוגעשטעלט אויף אַ רגע, אַז מיט אסתר'-קען איז געענדיגט. געוויס, זיכער געענדיגט. מיר זענען פונאַנ-דערגעטיילט, געוואָרען בעזונדער, ווייטע, פרעמדע, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עמיצער האָט אונז פונאַנדערגעשניטען מיט זעהר אַ קאַלטען מעסער.

— כּהן... — האָב איך אַרויסגערעדט און דערפיהלט ווי מיר טהוען וועה די האָהר-וואָרצלען אויפ'ן קאָפּ, פונקט ווי מען וואָלט מיך געשלעפּט פאַר די האָהר.

— יאָ, אַזוי דאַרף עס זיין... — האָט כּהן ווייט געקוקט מיט זיינע שענע זוכענדיגע אויגען, קייטשענדיג דעם ווייסען שטערן. — זאָג מיר נאָר, ברודער, דו ביזט פון דער נאַטור אַ פליאַגע? — האָט ער מיך האַסטיג געפרעגט און אָנגענומען ביי דער האַנד.

— לאָמיר געהן, כּהן, — האָב איך מיך פלוצלונג אויפגעשטעלט מיט אַ דרייסטקייט, וואָס איך האָב פון ערגעץ פון דרוי-סען מיט געוואַלט אין זיך געשלעפּט, פונקט ווי איינער, וואָס

איז נישט דאָרשטיג, פּרובט מיט געוואַלט טרינקען וואַסער.

— ניין, דאָס נישט! מיר מוזען וואַרטען ביז׳ן סוף! — האָט ער מיך געשטופּט צום זעצען זיך. — זיי אַ מאַנסביל, דו פערשטעהסט? דאָס זענען מאַנסבילשעליידען... איך שטעל זיי העכער איידער ליעבע... פון מאַנסבילשע ליידען קומט אויף דער וועלט די א י ד ע ע, די ק ו נ ס ט, די פּ אָ ע ז י ע... ווי פון דער ברויזענדער שוים אין ים טרעט אַרויס דער קאָפּ פונ׳ם וואַסער-מיידעל... און איך וויל, דו זאָלסט זיין אַ מאַן ביז׳ן סוף. וואָרום מוטה, האָפּעריגקייט, קאָנען קוקען, ליידען און שווייגען איז צוגענגליך אפילו דעם סאַמע שוואַכסטען מאַנסביל...

כהן האָט לאַנג גערעדט, איך האָב מיך געזועצט, נאָר איך האָב קיין איין וואָרט נישט פערשטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט גערעדט. אין זאַל איז געשטאַנען אַ גערויש, און בונימאַן האָט זיך געסטאַרעט איינצושטילען דאָס פּובליקום מיט זיינע קליינע ווייסע הענדטלעך. עס האָט זיך אָנגעהויבען דער צווייטער טייל. אסתר׳קע האָט זיך צוריקגעזעצט אויף איהר אָרט, נעבען מיר, און עס איז געווען שרעקליך איבערצולעבען די ערשטע מינוטען פון דער פרעמדקייט צווישען אונז. זי האָט אויסגעזעהן אויפגערעגט און מיעד, פונקט ווי זי וואָלט געקומען פון אַ מלחמה, און האָט זיך אָבגעפּאָכט מיט אַנ׳אַנטליהענעם פּעכער. און איך געדענק, אַז מיר האָט זיך מאָדנע שטאַרק פערוואָלט צו געבען איהר אַ פּאַטש. אָט דער פערלאַנג האָט אין מיר געוואַקסען ווי אויף הייוועז, און איך האָב בעדאַרפט אַ סך כח אָנווענדען נישט צו פאָלגען זיך. און אינטערעסאַנט: איך האָב אויסגערעכענט מאַטעמאַטיש, מיט אַלע פּיטשעווקעס, ווי אַזוי און וואו צו געבען איהר דעם פּאַטש: אָט אַ דאָ, סאַמע אין באַק, נישט ווייט פון אויער און נעהנטער צו דער נאָז, און דער לאַנגער פינגער דאַרף איהר עטוואָס אָנטרעפען אין אויג. דאָס איז געווען אַ שרעקליכע מינוט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זיץ אויף געברענטען אייזען.

אָבפּאָכענדיג זיך, האָט מיך אסתר׳קע אָנגעקוקט פון דער זייט, אַ ביסעל מיט שרעק און אַ ביסעל נייגיריג און האָט,

קענטיג, געזוכט מיר וואָס צו זאָגען. געוויס האָט זי אַזוינס דאָס ערשטע מאָל אין לעבען איבערגעלעבט.

— לעג אַוועק דעם פעכער!.. — האָב איך שטרענג אַ זאָג געטהאָן. מיין קול האָט זיך פלוצלונג געענדערט און האָט מיר תכף, אויפ׳ן אָרט, דערמאָהנט אָן מיינעם אַ זיידען — אַ דעס-פּאָט, וואָס האָט אויך געהאַט אַזאַ קול. פון דעם פעכער האָט מיר גענקעלט. מיר האָט זיך גערעַכט, אַז אין איהם איז פער-קערפּערט די גאַנצע אינטריגע און די פּאָמפּע פון דעם היינטי-גען אָוועגד. כהן, וואָס האָט זיך דערשראָקען פאַר מיין טאָן, האָט מיך אונבעמערקט אָנגענומען ביי דער האַנד. אסתּר׳קע האָט זיך נערוועאיש בעוועגט אויפ׳ן שטוהל, איז מיט אַמאָל בלאַס געוואָרען, און נישט קוקענדיג אויף מיר, האָט זי שטיל און שוואַך אַרויסגעזאָגט:

— די מוזיק האָט מיך אַוועקגעצויגען... אַנ׳אַנדערע בין איך געוואָרען...

אָט דאָ האָב איך נאָך געקאָנט ראַטעווען מיין גליק, ווען איך וואָלט נישט געווען אַזוי משונה יונג און ווען מיר וואָלט געשמעקט געראַטעוועטעס גליק... נאָר ווענען דעם האָב איך נישט געטראַכט. איך האָב געטראַכט וואָס צו ענטפערן איהר אויף איהר מוזיק — ענטפערן מיט אַ בלוטיג וואָרט און מיט אַ שוידערליכער תנועה, וואָס זאָל זי איינגאַנצען צוטרייסלען און דערשלאָגען — נאָר אַקוראַט אין דער מינוט האָט רעמאָ אַ בריל געטהאָן אויפ׳ן ראָיאַל. אַ טאַנצענדיגער חאָר פון קלאַנגען האָט זיך שטורמיש צוגאָסען איבער׳ן זאַל, לויפענדיג איינע איבער די אַנדערע מיט אַזאַ איילעניש, אַז זיי זענען אויסגעקומען האַלבע, צוברעקעלטע, נישט-דערשפּיעלטע. דאָס איז געווען די זעקסטע ראַפּסאָדיע. ביי אַלעמען האָבען זיך אָנגעצויגען גרינגע אָדערן אויף די העלזער, מען האָט זיך בעוועגט אויף די שטוהלען, און אסתּר׳קע איז אַוועקגעלאָפען אויף אַ נעהנטערן אָרט. דער-מיט האָט זי, אַפּנים, איבערגעריסען דעם לעצטען שוואַכען פאָ-דעם, אָבגעשטויסען, אָבגעוואָרפען דאָס לעצטע געפיהל. יאָ, היינט שפּיעלט רעמאָ.

דער זאַל האָט זיך געטרונקען אין קלאַנגען. רעמאָ האָט זיך גענוג געסטאַרעט. די פלייצע איז געבויגען, די לאַנגע שי־טערע האָהר ציטערן אויפ'ן קאָלנער פון פראַק און די פינגער לויפען נישט, ווי ביי אַלע פּיאַניסטען, איבער די קלאַווישען, נאָר זיי זענען מאָדנע אויסגעבויגען, ווי נעגעל ביי אַ חיה בעת אַנ'אָנפאַל, און ער רייסט מיט זיי קאָנוואולסיוו די ווייסע צייהן פון דעם ראָיאַל. עס האָט זיך געפיהלט, אַז דער ערפאָלג וועט זיין אַ קאָלאָסאַלער. און עס איז געוועזן דושנע פון דעם קלאַנ־גען-געדראַנג, פון דעם קלאַנגען-שטופעניש, וואָס האָבען געשמי־סען איבער די נאַכט-שויבען, אַזוי ווי מיט ריטער. ביים סוף האָבען זיך אַלע אויפגעשטעלט. קיינער האָט נישט געקענט איינ־זיצען, און מען איז ווי בלינדע געלאָפען צום ראָיאַל. דאָס שע־נע געקרייזעלטע מיידעלע האָט זיך געטרונקען אין דעם קנויל פון קעפּ, וואָס האָט זיך צונויפגעשטיקט אינאיינעם, און אסתר'־קע איז געשטאַנען פאָראויס, אַנ'אָבגעטיילטע, אַ הויכע און אַ התלהבות'דיגע, מיט אַנ'אויפגעהויבענער האַנד, פון וועלכער עס האָט געוועהט בעשיצונג און מאַכט. דער עולם האָט זיך אינס־טינקטיוו אונטערגעוואָרפען איהר אָנפיהרונג. אָט האָבען אָבגע־שפּריצט דעם זאַל די לעצטע ליכטיגע און שטאַרקע אַקאָרדען. רעמאָ האָט אַ טרייסעל געטהאָן מיט די לאַנגע האָהר און מיט נצחון זיך אָבגעקעהרט צום פּובליקום. עס האָט, אַפּנים, בע־דאַרפט פאָרקומען אַ געדרענגעניש און אַ צומישעניש, נאָר אסתר'־קע האָט לייכט בעפרייט רעמאָ'ן פון די צעהנדליגער אויגעצוי־גענע הענד און אָבגעפיהרט אָן אַ זייט. אַ ווײלע האָט זי איהם אָנגעקוקט, ווי מען קוקט-אָן אַ וואונדער, ווי מען קוקט-אָן אַ גע־פונען קינד נאָך אַ פּאָזשאַר צוזאַמען מיט עפּיס אַ מוטערליכען שמייכעל, און דערנאָך האָט זי איהם שטאָלץ, אָפען און הייס אַ קוש געטהאָן. זי איז געוואָרען די אָנפיהרערין, און פאַר'ן קוש האָבען זי אַלע אַפּלאָדירט.

— מיינע העררען! — האָט זיך בונימאַן אויפגעהויבען אויף די שפּיץ פינגער, מאַכענדיג מיט אַ ווייס הענדטיל, — מיר פער־

ברענגען היינט אַ גאַנצע נאַכט... מיר גרייטען אַ טיש! זאָל דער אָוענד בלייבען ביי יעדען אין זכרון... אויף אייביג...

קיין איינער איז נישט געווען געגען. איך האָב געמאַכט אַ פּאָר שפּרייזען איבער׳ן זאַל און האָב מיך איבערצייגט, אַז איך געה ווי אויף אַ וויגענדיגען טאָרף-פעלד. עס וויעגט זיך די פּאָדלאָגע, די וואַנד, דער באַלקען. און אַלעמענס פּנים׳ער שפּאַלטען זיך אויף צווייען, אויף דריי׳ען, אויף זעקסען, און עס גלאַנצען ווייסע צייהן אָהן אַנ׳אויפהער, און אויגען פינקלען, און הענד מיט פערבויגענע פינגער הויבען זיך איבער אַלע-מענס קעפּ.

— וואָס טהו איך איצט אָב פּאַר אַנ׳אַקט? — האָט מיר גע-שוימט אין קאָפּ. — אויפהענגען זיך אין קאָרידאָר? אַרויסוואַרפען זיך דורכ׳ן פענסטער? אָנפּאַטשען בונימאַנ׳ען? אויסשרייען אי-בער׳ן זאַל עפּיס אַ גראָב, מאוס וואָרט, אַז אַלע זאָלען פער-שטיינערט ווערען אויף די ערטער? אָט די אַלע התלהבות׳דיגע שרייער און טומלער זענען איצט איין כח, וואָס האָט מיר גע-בלוטיגט דאָס האַרץ און גערויבט די רוה און דאָס ליכט פון מיין יוגענד.

און געוויס וואָלט איך עפּיס געטהאָן. איבערהויפּט, ווען איך וואָלט געהאַט אַ רעוואָלווער. איין קלייניגקייט, איך זאָג אייך, איין קלייניגקייט: אויפהויבען די האַנד און שיסען. איך דאַרף נישט האָבען אין ווערמען בעזונדער צו שיסען: עס איז רעכט אין אַלעמען, אין דעם גאַנצען יום-טוב׳דיגען התלהבות׳די-גען קנויל, אין דער דאָזיגער הערסליכער און פלאַכער חאַליאַסטרע, און עס איז רעכט אין דער שכור׳ער נאָז פון וועטערינאַר, אין בונימאַנ׳ס ווייס הענדטיל, אין די לאָמפּען. און ביז צייהן-קריי-צעריי איז מיר אין יענער רגע קלאָר געוואָרען דער גרויסער שאָדען פון דעם, וואָס מיר, יודען, זענען אַ געוועהרלאָז פאָלק, אַ פאָלק, וואָס האָט פיינט געוועהר און בלוט, אַ פאָלק, וואָס מיידט עס אויס און ווערט דערשטיקט פון גאַל און פיין, אַבי נישט אָנקומען צו דעם.

— אָט איצט קום! — האָט מיך כהן ענערגיש אָנגענומען ביי דער האַנד.

כהן האָט מיך געשלעפּט צום טהיר, איך האָב, דאַכֿט זיך, נישט געוואָלט געהן, און דעמאָלט האָבען זיך מיינע אויגען אָנגעטראָפען מיט אסתר׳קעס. זיי האָבען זיך געמוזט אָנטרעפען, אַנדערש האָט גאָר נישט געקענט זיין און מיר האָבען זיך טיעף, שמערצליך און ריידענדיג אָנגעקוקט. זי — אין דעם יום-טוב׳דיגען קנויל מיט רעמאָ׳ן, איך — ביים טהיר מיט כהנ׳ען. דער קוק — דאָס איז געווען די ניי-אַריינגעטראָטענע פּיינליכֿע פּרעמדקייט, וואָס פערמאָגט צוויי שפּילקעלעך: איין שפּילקעלע האָט זי מיר אַריינגעשטאָכֿען אין האַרצען, דאָס צווייטע אסתר׳קען אין איהר רעכֿטען גלאַנץ פון גליק. און דאָס איז געווען דער לעצטער קוק צווישען אונז.

כהן האָט מיך כמעט מיט גוואַלד אַרויסגעשלעפּט, און אַז מיר זענען אַרויס אין דרויסען, איז צו אונז שטיל און מוטערליך צוגעשוואומען אַ ליעבע גוטע ווינטער-נאַכֿט מיט עטליכֿע ווינקענדיגע שטערען. די לייכֿטע קעלט, די שטילקייט און האַלבפינסטערניש האָט מיך באַלד אָבגעפרישט, ווי קאַלט וואַסער אויף אַ הייסען קאָפּ, און איך האָב שוין געפונען ערגעץ אינ׳ם צובראָכֿענעם האַרצען אַ שטאַרק ווינקעלע, וואָס האָט זיך אָנגענומען מיך צו פיהרען, ווי עס טהוט אַמאָל דער לעצטער מאַטראָז אויף אַ שיף, וואָס האַלט ביים אונטערגעהן. נו, וואָס איז? אָט איז נאַכֿט און ווינטער און איך — אָהן אסתר׳קען, ווי פאַראַיאָהרען, ווי פאַר צוויי יאָהרען. נאָר איך קאָן געהן וואוהין איך וויל און קאָן זעהן, וואָס איך וויל — איך בין פריי. אָט די פרייהייט דאַרף מיר געבען פליעגלען. נישטאָ אסתר׳קען — אָבער איך בין דאָ. איך בין דאָ און וועל זיין.

— ווערסט פאָהרען צו מיר? — האָט מיך כהן געהאַלטען ביי דער האַנד.

— צו וואָס? — האָב איך מיך איינגעשטעלט. — איך האָב אַ קוואַרטיר... דוקא צו זיך וועל איך פאָהרען. פאַרהאַן נאָך ברודער, כח געַנוג...

מיין טאָן איז געווען אַ געמאַכטער און אַ זיכערער, אפשר נאָך צופיעל זיכער, און כהן האָט זיך, אַפּנים, דאָסמאָל גענאַרט אין איהם.

— אויב אַזוי, איז גאָר אַנדערע ווערטער, — האָט ער זיך צולאַכט מיט אַ גוטען פריינדליכען געלעכטער, — אויב אַזוי, איז עפּיס אַנדערש. נאָר אָט וואָס איך וועל דיר זאָגען, — האָט ער מיך אונטער'ן אָרעם אָבגעפיהרט פון שטוב, פון וואַנען עס האָבען זיך נאָך דערטראָגען די יום-טוב'דיגע אויסגעשרייען, — אסתּר'קע איז אַנ'אומגליקליכע... איך זעהר שוין איהר גורל... דיך האָט זי געלאָזען — און פון רעמאָ'ן וועט זי אַנטלויפען. די פראַגע איז נאָר, וואוהין וועט זי לויפען? רעמאָ איז אַ תּהום — און פון אַ תּהום לויפט מען נישט...

כהן האָט זיך מיט אַמאָל אָבגעשטעלט, אָנגענומען מיך פאַר'ן קאָלנער פון מאַנטעל און נאָהענט צוגערוקט זיין פּנים צו מיינעם.

— אַ צו-שען האַרץ האָט אסתּר'קע, — האָט ער שטיל אַרויס-געזאָגט. — קיין וואונדער נישט, וואָס מוזיק האָט זי געפאַנגען. רעמאָ איז דאָ נאָר אַ צולאָג צו מוזיק... און געהאַנדעלט, זאָלסטו וויסען, האָט זי נאַטירליך, שען און פריי: זי איז געגאַנגען אַהין, וואוהין דאָס האַרץ האָט זי געצויגען. אַנ'אַנדערע וואָלט אייך ביידען גענאַרט...

אָבער ווער בעט עס כהנ'ען ריידען מיט מיר? וואָס וועקט ער מיט זיינע רייד? אַ מאָדנע זאַך: זיינע רייד ווירקען אויף מיר שלעכט, און איך פיהל, אַז דער לעצטער מאַטראָז קאָן דאָס שיף נישט דערפיהרען צו אַ ברעג. זאָל ער ריידען וועגען אַפרי-קע, וועגען נעגערס, וועגען וועטער, וועגען שטיינער, מיט וועלכע מען ברוקירט די גאַס, נאָר נישט וועגען מיר און וועגען אסתּר'קען. דאָס שוואַכט מיך אָב, און איך האָב שוין גע-טראַכט, צי זאָל איך פאָהרען אַהיים, צי צו כהנ'ען. אין דמיון האָב איך געזעהן דאָס פיינליכע פאָהרען אַליין אין שליטעל, צו וואָס איך בין נישט געוועהנט, און דערנאָך דאָס פייניגען זיך אין צימער, וואו עס שמעקט אַזוי מיט אסתּר'קען. ביי כהנ'ען

ווערל איך אפשר פערגעסען אָן אַלץ. נאָר ווי עס טרעפט ביי אַ קראַנקען אין אַ קריזיס, בעת עס ראַנגעלט דאָס געזונדטע מיט דאָס קראַנקע — האָב איך באַלד דערפיהלט אַ פרישען מאַנסביל-שען שטאָלץ אין זיך און בעשלאָסען פאָהרען אַהיים. די וועלט איז גרויס און איך בין קליין. עמיצער האָט געוואָרפען אַ שטיין אין מיר און האָט מיך פערוואונדעט. לאָמיר זיך אויפהויבען פון אָרט און געהן. שטאַרקייט קוויקט די אייגענע נשמה, און די גרעסטע וואונד קאָן מען היילען מיט שטאַרקייט, דאָס הייסט, אין קאָן היילען זיך מיט מיר, מיט מיין נשמה. און, צוזע-געגענדיג זיך מיט כהנ׳ען, וואָס האָט מיר לאַנג, הייס און פאַטריאָטיש-טענדענציעז געדריקט די האַנד, בין איך אַוועקגע-פאָהרען אַהיים. יאָ, אַ נאַכט האָב איך געהאַט אַ שרעקליכע...

נאָר צו וואָס דערצעהלען ווייטער? אַ קראַנקהייט, אַ טי-פוס, צום ביישפיעל, האָט זיינע בעשטימטע וועגען און כללים. דאָס געבראָכענע ליעבע-געפיהל האָט אויך דאָסזעלבע, און ווייטער געהט אַ פעטע שורה פון לאַנגע יסורים׳דיגע טעג און נאָך פיינליכערע נעכט. עס פערשטעהט זיך, אַז איך בין אויף מאָר-גען באַלד אַוועקגעפאָהרען, נישט זעהענדיג זיך מיט אסתר׳קען און אפילו מיט׳ן אַלטען. אויף צו להכעיס זיך און גאָט און אסתר׳קען און דער שטאָדט — און וועמען נישט? — האָב איך מיך אַריינגעזעצט אויף מאָרגען ביינאַכט אין אַנ׳איינגען פינסטערן וואַגאָן פון דריטער קלאַס און געלאָזט זיך פיהרען אויף גאָט׳ס בעראָט. און דאָס האָט געוויס נישט געטויגט. איך האָב בעדאַרפט וויסען וואוהין איך פאָהר, איך האָב בעדאַרפט האַלטען די ליי-צעס אין האַנד, דאָט גיט-צו מוטה, דאָס לאָזט זיך אַליין גע-נאַרען. איבערהויפט דאַרף מען דעמאָלט נאָר האָבען צו טהאָן מיט אַזוינע זאַכען, וואָס גיבען-צו מוטה און געגאַרען. אודאי, ווען איך טהו אַזוי, וואָלט איך וועניגער שווערע מינוטען גע-האַט. נאָר מיר איז געוועזן אַלץ איינס, וואוהין עס לויפט דער צוג, און, זיצענדיג אין וואַגאָן אַזוי פלוצלונג, אַזוי אונ-געריכט, האָב איך אין דער דושנער דונקעלקייט געקוקט אויף

די טרויעריגע פּאַסאַזשירען-שאַטענס און געטראַכט די אַלטע און אייביג-נייע, עכט-יודישע פראַזע:

— הבל הבלים... הבל הבלים...

און משונד ווילד און נאַריש זענען מיר אויסגעקומען די שאַטענס מיט די פּעקלעך, זייער זיצען און דרעמלען מיעדע און פּער׳חשכ׳טע. וואוהין און נאָך וואָס פאָהרען זיי? אפשר האָט זייער היים אָבגעברענט — ברענען דאָך הייזער און גאַנצע שטעדט אפילו? און זיי וועלען קומען און טרעפען אַזאַ אומגליק? אפשר איז ביי עמיצען גראָד אין דער רגע געשטאָרבען אַ ווייב, צי אַ קינד, צי אַ טאַטע אָדער אַ שוועסטער? ערגעץ לויערט שוין דאָס אומגליק, ווי אַ גזלן מיט אַ האַק, און אָט פּאַר די פּער׳חשכ׳טע נפשות מיט די פּעקלעך וועט עס שוין צוגרייטען אַ פיין קבלת-פּנים. און וואָס איילט אַזוי דער מאַשיניסט מיט׳ן צוג? וואָס אַרט עס איהם אַזוי פּאַר דער אָרדנונג פון לעבען? למאי האָט ער זיך גראָד אָנגעדונגען אויף אַזאַ שטעלע? וואָלט דען נישט גלייכער געווען, ווען ער וואָלט זיצען אַ באָרפעסער ערגעץ אויפ׳ן ברעג ים, איינער אַליין, און קוקען אויפ׳ן האָריזאָנט? אַלע דאַרפען זיין אַליין. אַלע — פון קליין ביז גרויס. ווי איינזאַמע שטיינער אין מדבר, ווי זעמדעלעך, וואָס דער ווינד צוטראָגט. וואָרום אויף דער וועלט איז גאָר נישטאָ אַזאַ זאַך, צוליעב וואָס עס זאָל זיך לוינען צונויפבינדען, וואוינען צוזאַמען, בויען און האָפען.

— הבל הבלים... הבל הבלים...

און טראַכטענדיג אַזוי, האָב איך דערפיהלט, אַז איך וויין. איך האָב שוין נישט געוויינט, ווער וייס פון ווען, אפשר פון די סאַמע קינדער-יאָהרען-אָן, בעת איך האָב זיך געהאַלטען אָן דער מאַמעס קליידעל און האָב אַליין אויך געטראָגען אַ קליידע-לע. איצט האָבען גרויסע גוטע טרעהרען דורכגעצויגען וואַרימע ריטשקעלעך אויף מיינע קאַלטע באַקען, פון וואָס מיך האָט עטוואָס געשווידערט, און איך האָב מיך איבערצייגט, אַז טרעהרען איז אַ גרויסער ענין. וואָרום באַלד האָב איך מיך דערפיהלט ווי אַ קינד, אַנ׳עופ׳עלע, אַ קליינס, און עמיצער האָט ביי מיר אָבגעג-

נומען אַ גרינעם עפּעל, וואָס איך טאָר נישט עסען. נאָך דעם גרינעם עפּעל וויין איך מיט די לעצטע כּחות, און אַרום מיר דרעהט זיך די מאַמע מיט אַ ריח פון געבראָטענעם פלייש, און דער טאַטע מיט דער זיידענער קליינער יאַרמאַלקע אויף שוואַרצע האָהר, פון וועלכע עס לייכטען וואו-נישט-וואו אַרויס איינציגע ווייסע האָהר, ווי זילבערנע שנירעלעך. און דער טיש איז ביי אונז אַ הויכער און די בענקלעך זענען הויך, און אַז איך וויל קוקען אויפ׳ן באַלקען, דאַרף איך פערבויגען דעם קאָפּ צו די אַקסלען. נאָר איך וועל וויינען, ביז די מאַמע וועט מיר נישט ברענגגען אַ נייעם גרינעם עפּעל, ביז מען וועט מיך נישט נעהמען אויף די הענד, ביז מען וועט מיך נישט קושען און לאַסקען און חנפ׳ענען און צוזאָגען גאָר די וועלט מיט צאַצקעס. חאָטש איך בין אַ קליינעטשקער, פונדעסטוועגען ווייס איך די שוואַכקייט פון די גרויסע: מען קאָן זיי איינגעהמען מיט געוויין. און איך האָב געוויינט אין דעם איינגען און דונקעלען וואַגאָן, אַז די מאַמע זאָל קומען, מיין ליעבע און האַרציגע מאַמע מיט דעם ריח פון געבראָטענעם פלייש.

מיין מאמע איז נישט געקומען. נאָר קליינע און עלענדע סטאַנציעלעך זענען שוויגענדיגע און דערשראָקענע אָפּטער צו-געשוואומען צו די וואַגאָן-פענסטערלעך. די דאָזיגע סטאַנציעלעך זענען אַ ווײַלע געשטאַנען, אַ קוק געגעבען אויף אונזער צוג און דערשראָקענע אַוועקגעלאָפען ווייטער, פונקט ווי עמיצער וואָלט זיי נאָכגעיאָגט. דער צוג האָט מיך געטראָגען און געטראָגען, פּייפענדיג און קלאַפּענדיג אַלץ איין און דאָסזעלבע, אויף זיין שטייגער, און עפּיס אין אַ הונדערט יאָהר אַרום, ווי מיר האָט אויסגעוויזען, האָב איך אַראָבגעשטיגען אין אַ רוסישער שטאָדט. עד-היום ווייס איך נישט, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ שטאָדט — צי סאַמאַר, צי סאַראַטאָוו, צי גאָר טאַמבאָוו. דאָרט איז געווען שרעקליך קאַלט און שנייאיג, און עפּיס אַ פויער מיט אַ געגאָל-טען האַלז און ווייסע גרויסע צייהן האָט מיט האָהריגע הענד אַריינגעטראָגען אַ קאָכיגען סאַמאָוואַר צו מיר אין נומער פון גאַסטהויז, וואוהין איך בין פערפאָהרען. אין נומער איז געווען

קאַלט און דונקעל און שמוציג, עס האָבען זיך געהערט ווייטע גראָבע פויערשע אויסגעשרייען, וואָס האָבען דורכאויס געוואָלט פערשרייען אַ בייזען קוויטשיגען פרויען-קול און נישט געקאָנט, און אויפ'ן וואַנד, נעבען בעט, האָט עמיצער מיט אַ בליישטיפט אָנגעשריבען מיט גרויסע אותיות: אַגאַפיאַ איוואַנאָוונאַ. אויף אַ טשוואָק, ביים טהיר, איז געהאַנגען אַ גראָבער סאָלדאַטסקער האַנדטוך מיט רויטע אויסגענייהטע הענדעלעך ביי די ברעגען, און הינטער'ן פענסטער, וואו מען האָט געקאָנט זעהן דעם שווע-רען און בלייערנעם הימעל, האָט זיך אונענדליך געצויגען אַ גרויער הילצערנער פּאַרקאַן מיט שפּיצען, מיט שפּיצען, מיט שפּיצען ...

דערנאָך געדענק איך נישט, ווי אַזוי איך האָב דערלאַנגט אַ שפּרונג אַזש צו מיר אַהיים. ווירקליך צו מיר אַהיים, וואו איך האָב געזעהן מיין מאַמען. איך האָב אָבער שוין נישט גע-וויינט, און מיין טייערע מאַמע האָט געמיינט, אַז איך מוז זיין סתם נישט געזונד. איז דערהיים האָב איך געשלאָפען אויף הוי-כע פערינעס און קישענס, און אין די ווינטערדיגע געדיכטע פּאַרנאַכטען האָבען מיך בעלעגערט מיינע קרובה'טעס: געזונדטע רונדע מיידלעך מיט ברייטע מאַנסבילשע שטערנ'ס. זיי האָבען אַלע זעהר-זעהר געוואָלט חתונה האָבען. נאָר צווישען זיי איז געווען פרעהליך און וואַרים און רוישיג און נאַריש און גוט. און איך האָב מיך אַ סך, אַ סך פערגעסען.

דערנאָך האָב איך מיך ווידער געפונען אין אוניווערזיטעט, שוין אויף אַנ'אַנדער פאַקולטעט, אין אַנ'אַנדער שטאָדט. פּאַרביי מיר איז געגאַנגען דאָס לעבען, וואָס נאַרט שטענדיג אָב מיט נייקייטען און וואָס איז אין שורש דאָסזעלבע אַלטע לעבען, און בעקאַנטע האָב איך געהאַט נישט ווייניג. צווישען די בעקאַנטע איז געווען איינע. איינע אַ נאָהענטע, אַ האַרציגע און אַ שענע. נאָר אסתר'קען האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט פערגעסען, און, קושענדיג אָט די איינע, וואָס האָט געהאַט רוהיגע סאַמע-טענע אויגען, האָט זיך מיר שטענדיג געדאַכט, אַז איך קוש אסתר'קען, אַז איך הער אסתר'קעס אָטעם, אַז איך זעה אסתר'קעס

שמייכעל, און טיילמאָל פלעג איך זי פלוצלונג און נישט ווילענ-דיג אָנרופען אסתר'קע...

אסתר'קעס סוף איז בעקאַנט. דאָס לעבען איז משונה לאָ-גיש, האַרט-לאָגיש, ווי די קנייטשען אויף אַנ'אַלטען געזיכט און ווי דער בלוט-און-מילך-שמייכעל אויף אַ יונגע פּאָר ליפּען. און מיט איהר האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס, וואָס דער קלוגער כהן האָט פאָרגעזאָגט. דאָס ריינע אונשולדיגע קינד איז אַוועק פון רעמאָ'ן, אַוועק מיט עקעל און אַ שוויינגערע. רעמאָ'ס גאונות אין מוזיק, לויט כהן האָט מיר געשריבען, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אין אַ פּאָר מאָנאַטען אַרום נאָך מיין אַוועקפאָהר. דאָס איז געווען אויף אַ גרויסען קאָנצערט, וואָס ער האָט איינ-געאָרדענט מיט גרויס פּאָמפּע אין שטאָדט-קלוב. אויף דעם דאָ-זיגען קאָנצערט זענען געקומען די גרעסטע מבינים פון מוזיק צוזאַמען מיט די פּראָפעסאָרען פון דער אָרטיגער קאָנסערוואַ-טאָריע. און שוין ביי דער ערשטער יאַך, טאַקע דיזעלבע זעקס-טע ראַפּסאָדיע, איז ער אָהן רחמנות אויסגעפייפט געוואָרען און דער בעסערער טייל פון פובליקום האָט פערלאָזען דעם זאַל. אַנ'אוניווערזיטעט-שטאָדט קאָן מען לאַנג נישט נאַרען, און אין די רעצענזיעס, וואָס דערזעלבער כהן האָט מיר אומישנע צוגע-שיקט, ווערט רעמאָ אָנגערופען שאַרלאַטאַן, אַפּעריסט און דעס-גלייכען. אַוועק איז אָבער אסתר'קע נישט בלויז צוליעב זיין מוזיק-שאַרלאַטאַניזם, נאָר אויך דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַנ'אונמעגליכער מענש, אַנ'אכזר, אַ ליגנער און אַ חאַם. אַזאַ צאַרטע, ריינע און אויפריכטיגע נאַטור, ווי אסתר'קע, האָט עס אָבער נישט געקענט איבערלעבען אפילו דעמאָלט, ווען זי איז אַוועק פון איהם — און האָט זיך גע'סמ'ט. איהרע שענסטע חלומות זענען מיט אַמאָל, גראָב, שוידערליך און מאוס אַרונ-טערגעריסען געוואָרען, און זי האָט מעהר נישט געקאָנט לעבען. און דער אונגעהויער-ליעבער אַלטער האָט, וואַהרשיינליך, אויס-געטרונקען דעם לעצטען ביטערן כוס ביז'ן דעק. אַז אסתר'קע איז אַוועק פון רעמאָ'ן, איז כהן געווען דער איינציגער מענש, ביי וועלכען זי האָט געזוכט און געפונען הילף. ער האָט זי

אָבער נישט געקאָנט אויפהאַלטען ביים לעבען. זי האָט שטענדיג געזאָגט, אַז זי האָט איהם ליעב ווי אַ ברודער.

איבעריגענס, האָט זיך עפּיס אסתּר׳קעס פאַמיליע בכלל געפונען אונטער אַ מאָדנעם גורל. איך האָב דאָך אייך שוין גע-זאָגט, אַז איהר טאַטע מיט דער מאַמען זענען אומגעקומען אין אויסלאַנד דורך אַ קאַטאַסטראָפע.

איך האָב שוין געענדיגט און קען אייך צוגעבען נאָר דאָס: טיילמאָל אין אָווענד, צי ביינאַכט, ווען איך געה אום אַליין אין גאַס, אָדער איך זיץ אין צימער, אָדער איך פאָהר אין צוג — דאַכט זיך מיר, אַז אסתּר׳קע געפינט זיך נעבען מיר מיט איהר לאַנגען צאָפּ און דין זיידען שירמ׳ל, און איך הער איהר אָטעם. איך הער איהר אָטעם — און איך נעהם זי אַרום און לעג איהר קאָפּ צו מיר אויפ׳ן האַרצען. זאָל זי רוהען אויף מיין האַרצען, זאָל זי רוהען...

וואָרום אַ טאָג פאַר׳ן טויט האָט זי איינמאָל אַ זאָג געטהאָן צו כהנ׳ען מיט אַ ציטער אין קול:

— איך האָב שלעכט אַ שפּרונג געטהאָן צו רעמאָ׳ן. מיי-נער איז גאָר געווען האָפמאַן. נאָר האָפמאַן.

און זי האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ. דאָס זענען געווען איהרע לעצטע ווערטער. זאָל זי רוהען אויף מיין האַרצען... —

...מיר האָבען זיך אַלע אומגעקוקט, פּונקט ווי מיר וואָלטען זיך דערזעהן צום ערשטען מאָל, און דער זייגער האָט דייטליך אויסגעשלאָגען זעקס. דאָס פייער פון די לאָמפּען האָט אונז מיעד געמאַכט די אויגען, און ווי פערגליווערטע זענען מיר אויפגעשטאַנען פון די ערטער. דער ערשטער האָט זיך אויפגעהויבען האָפמאַן, וואָס האָט מיט אַ ווייס טיכעל איבערגעווישט זיין בלייך פּנים. באַלד האָבען מיר זיך איינציגווייז צוזעגענט, אויף דער-גיך בעדאַנקט די בעלי-בתּים און איינציגווייז זיך אַרויסגערוקט אין דער נאַכט אַריין. דרויסען איז געשטאַנען אַ געדיכטע שטו-מע שוואַרצקייט, וואָס האָט, קענטיג, גאָרנישט געריכענט אָבּ-צוטרעטען, און, געהענדיג האָט זיך געדאַכט, אַז איך טראָג זי אויף די אַקסלען, אויפ׳ן רוקען און אַז איך פיהל זי אין די

פויסטען. מיינע טויט האָבען זיך נישט געהערט. דיזעלבע שוואַרצקייט האָט זיי איינגעשלונגען, און איך האָב נישט געזעהן, וואו הויבט זיך אָן און וואו ענדיגט זיך אַ גאַס. אַהיים וועל איך אָבער פאָרט קומען. פון צייט צו צייט האָט אַרויסגעשפּראָצט פון דער שוואַרצקייט אַ שטיק מעש און אונטער דעם מעש — אַ פערשוואומענע מאַסקע פון אַ פנים. דאָס איז געווען אַ פּאָליציאַנט.

# נערא.

נערא, א רויטער הונד מיט ווייסע פלעקען אויפ'ן רוקען און מיט קלוגע בליטשטענדיגע ברוינע אויגען, האט זיך אין דער-פריה צושלאגען מיט דער קאץ. אפיציעל האט ער זיך מיט איהר געשלאגען פאר א שטיקעל פלייש, וואס זי האט גראב און זשעדנע ארויסגעחאפט פון בענקעל מיט דער דינער פלינקער לאפקע. דאס איז נאר אפיציעל. אין דער אמת'ן אבער האט ער זיך מיט איהר אבגערעכענט גאר פאר עפיס אנדערש. אט די ווייסע קאץ, וואס וואוינט מיט איהם צוזאמען אין קיך, איז א שרעקליכע חניפה'ניצע און א גאנצען טאג דרעהט זי זיך ארום מיט שטילע טריט און גרינע אויגען איבער'ן זאל און שלאף-צי־מער, לאשטשעט זיך צו די מיידלעך, שפרינגט צו יעדען אויפ'ן שויס, רייבט דעם קאפ אן יעדערנס האנד, קריכט אין די בע־טען, אין וויעגעלע צום קליינעם בעניע'ן און בורטשעט מיט הנאה איהר עקעלדיג בורטשען. לויט נערא'ס מיינונג, זענען דאס מאוס'ע געננ, וואס טארען בשום אופן נישט דערלאזט ווערען אין שטוב. די כאלגען פון די דאזיגע געננ זעהט מען שוין: איהם, נערא'ן, לאזט מען כמעט גארנישט אריין אין די צימערן, מען האט זיך לגמרי אויפגעהערט צו אינטערעסירען מיט איהם,

און זי, די קאַץ, איז ביי אַלעמען געוואָרען דער ליבלינג און האָט איהם איינגאַנצען אויסגעקאָנקורירט.

עטליכע מאָל האָט ער שוין געפּרובט איהר געבען צו פערשטעהן, אַז אַזאַ אויפפיהרונג טאָר נישט דערלאָזט ווערען, אַז זי שאַדט איהם, אַז איהר חניפה האָט איהם קאַליע געמאַכט די מערכה אין שטוב און אַז ער קאָן אַמאָל ארויס פון געדולד. נאָר די קאַץ האָט עפּיס משונה׳דיג גאָרנישט פערשטאַנען, און אָנשטאָט איהם צו ענטפערן דערויף, האָט זי אַרויסגעשטעקט דאָס רויטע צינגעל, האָט דערמיט אָנגענעצט די לאַפּקע און גע-ריבען איבער די באַקען. דאָס איז ביי איהר אַזאַ אַרט וואַשען זיך. אין דער-פריה, בשעת דעם געשלעג, האָט ער זי מיט דעם פאָדערשטען פוס צוגעדריקט צו דער פּאָדלאָגע. צוגעדריקט האָט ער זי שטאַרק, זי האָט בעת מעשה געשיקעט, און ווען ער האָט אויפגעהויבען דעם צווייטען פוס און געוואָלט איהר אַ קלאַפּ טהאָן איבער די גרינע גלעזערנע אויגען, האָט ער איהר גיפטיג און האַרב אַריינגעשעפּטשעט:

— דאָס איז דיר נישט נאָר פאַר די פליישׁ... פאַר אַלץ איז דאָס! ווערסט ביי מיר קייען די ערד...

פונאַנדערגענומען דאָס געשלעג האָט די גראָבע יענטע, מיט אַ שטעקען אין האַנד. די קאַץ איז באַלד אַרויפגעשפּרונגען אויפ׳ן פּאָליצע, וואו די טעפּ שטעהען, און האָט פון דאָרטען בצחונ׳דיג געדרעהט מיט׳ן עק, און יענטע האָט איהם, נעראָ׳ן, נאָך געסטראַשעט מיט׳ן שטעקען. דאָס איז געווען אַזוי אונער-וואַרטעט און בעליידיגענד, אַז איהם האָט זיך אויף אַ רגע גע-וואָלט צעוויינען, ווי אַ קליין הינדטעלע, ביי וועלכען עס איז אַוועקגעגאַנגען די מאַמע. וואָס האָט מען צו איהם? צייט ער געדענקט זיך, שוין אודאי אַ יאָהר צוועלף, אַז ער וואוינט דאָ אין שטוב, פיהרט זיך אויף שטיל און אָרענטליך אויף דעם העכסטען אופן און איז יעדען איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען. צו-ליעב די מענשען פון שטוב, וואָס האָבען פיינט אַ טומעל פון הינד, האָט ער זיך אָבגעזאָגט פון דער שוואַרצער שענער פינ-קען, וואָס האָט אַזאַ הייסע ציהענדע פעל. מיט דער דאָזיגער

שענער פינקען, וואָס איז פון נאַטור אַ לייכטזיניגע און אַ פרעה-ליכע, האָט ער זיך געפיהרט אַ פּאָר יאָהר, און אַז ער האָט זי געמוזט אַוועקוואַרפען, האָט איהם אַ צייט לאַנג וועה געטהאָן דאָס האַרץ און ביינאַכט האָט ער שלעכט געשלאָפען. צוועלף יאָהר טרייהייט, צוועלף יאָהר איבערגעגעבענקייט, און אָט דאָס ווייסע קעציל האָט איהם אויסגעקאָנקורירט.

און איהם האָט זיך געוואָלט צורייסען די קאַץ, וואָס זיצט, ווי נישט איהר מיינט מען, כשר און נצחונ׳דיג, אויפ׳ן פּאָליצע, און טיעף איינבייסען יענטע׳ס האַנד. יענטע איז אַ גראָבע און אַ נאַרישע מויד. שטענדיג שמעקט פון איהר הערינג און ציבעלע, און געהן געהט זי פערשמאָלצען אָנגעטהאָן. אין שטוב האָט זי אפילו אַ גרויסע מאַכט: זי דערלאַנגט אַלעמען עסען, אָבער פונדעסטוועגען אַז אויפדערנאַכט קומט צו איהר שמערקע, דער בחור מיט דעם געשטופּעלטען פנים און מיט גע-לע וואָנסען, וואָס פון זיינע קליידער שפּירט מען דזעגאַכץ, האָט זי עפּיס מורא פאַר די שטוביגע און היט אַלע ווײלע די טהיר, וואָס פיהרט אין עס-צימער אַריין. אין קיך קושט זי שמערקע, ער איז דעמאָלט רויט און טרייסעלט זיך, און יענטע היט אַלץ די טהיר. עס איז שווער צו וויסען פאַרוואָס — נאָר אָפּטמאָל האָט זיך איהם, נעראָ׳ן, געוואָלט דעמאָלט הויך אויס-שרייען, מאַכען אַ טומעל, ווי בעת מען חאַפּט אַ גנב, אַזוי, אַז מען זאָל אָנלויפען אין קיך. נאָר ער האָט עס קיינמאָל נישט געטהאָן, ווייל ער האָט געזשאַלעוועט יענטען. און אַז שמערקע איז אַ גנב — דערין איז ער זיכער. איינמאָל האָט ער אַליין גע-זעהן, ווי ער האָט עפּיס אַרויסגעחאַפּט פון שאַנק און אויף דער-גיך בעהאַלטען אין קעשענע.

נאָר יענטע — ווי יענטע, מיט דער קאַץ האָט ער זיך אודאי בעדאַרפט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָברעכענען. אַ פּאָר גוטע קלעפּ האָט ער איהר געגעבען, דאָס איז אָבער ווענינ, מען האָט צו-גיך פונאַנדערגענומען. אייגענטליך קאָן ער נישט פער-שטעהן, ווי האָט מען עס ליעב אַ קאַץ. ערשטענס, האָט זי אַ מאוס׳ע טבע צו בורטשען און זי דראַפּעט זיך, און, צווייטענס,

איז זי נישט אַנדערש ווי משוגע. ווארום נאָר אַ משוגע'נע קאָן אָבזיצען גאַנצע נעכט אין קיך נעבען די לעכער און חאַפּען מייז. חאַפּען אַ מויז א'ז ביי איהר דאָס העכסטע פערגעניגען. אַלץ אין דער וועלט וואָלט זי אָבגעגעבען פאַר אַ מויז, און טיילמאָל לאָזט זי נישט שלאָפען, קנאַלט מיט די נעגעל, ראַנגעלט זיך, וואַרפט זיך, דרעהט זיך און פינקעלט אין דער-פינסטער מיט די אויגען — אַ גבורה האָט זי בעוויזען: געחאַפּט אַ מויז. נישט אַנדערש, אַז זי איז משוגע. און אָט די משוגע'נע האָט מען ליעב.

דאָס האַרץ איז איהם פערלאָפען מיט הייסען בייזען בלוט, און איהם האָט זיך פערוואָלט אַרויפשפּרינגען אויפ'ן פּאָליצע. דאָס איז אָבער געווען לחלוטין אונמעגליך, און, אַנ'אויפגעקאָכטער, אַ צורייצטער, מיט אויסגעשטעלטע שפּיציגע צייהן, האָט ער זיך געזעצט אויף די הינטערשטע פיסלעך אַנטקעגען פּאָליצע, און, פעררייסענדיג אין דער-הויך דעם קאָפּ, האָט ער מיט וואוטה געקוקט אין איהרע רוהיגע גרינע אויגען און געשעפּטשעט:

— ועסט שוין פון דאָרטען נישט אַראָב. דיין שוואַרצער סוף איז שוין געקומען. איך וועל זיך מיט דיר רעכענען!

נאָר אָט איז אַריין אין קיך דער בעל-הבית'טעס שנוהר, מאַשע, אַ גוטע, אַ יונגע, און עס האָט געשמעקט פון איהר מילך. די דאָזיגע מאַשע האָט ער אַלע מאָל ליעב געהאַט, און אַ חאַפּ טהאָענדיג זיך געשווינד פון אָרט, האָט ער איהר צום טויזענדסטען מאָל געוואָלט זאָגען, אַז ער האָט זי ליעב, אַז ער וויל איהר לעקען די האַנד', אַז איהם איז פערביטערט דאָס האַרץ און אַז מען בעליידיגט איהם דאָ אין שטוב. און בעת ער האָט אויפגעהויבען די אויגען, פערגאָסענע מיט טריישאַפּט, צו מאַשע'ן, איז שוין די קאַץ מיט אַ פרעהליכען בורטש אַראָבגעשפּרונגען פון פּאָליצע און איז געשיקט פערשוואונדען געוואָרען אין עס-צימער. נערראָ האָט זי געוואָלט נאָכיאָגען און האָט זיך אָבגעהאַלטען. ער האָט זיך געשעמט פאַר מאַשע'ן, און אגב האָט ער איהר געוואָלט אויסדערצעהלען דאָס האַרץ. מאַשע איז בישט יענטע און זי האָט געוויס מיט איהם מיטלייד. זי האָט

אפילו רחמנות אויף יענע מענשען, וואָס געהען שלעכט אָנגעטהאָן און טראָגען אַ טאָרבע אויפ׳ן פּלייצע, וואָס עס ווילט זיך זיי שטענדיג איינבייסען. נאָר מאַשע איז אין קיך געשטאַנען אַ רגע. זי האָט נאָר געהייסען יענטע׳ן אויפברייהען מילך פאַר איהר בענקע׳ן און איז באַלד אַרויסגעגאַנגען. אַ דערשלאָגענער און אַ צומישטער איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען אויפ׳ן מיטען פּאָדלאָגע, און, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ און דעם עק, איז ער אַרונטערגעקראָכען אונטער יענטע׳ס בעט. דאָרט, אונטער׳ן בעט, איז געוועזען דושנע און שטויביג און פינסטער, דורכ׳ן אָטעם האָט זיך דער שטויב געצויגען אין נאָז אַריין, עס האָט זיך געוואָלט ניסען, און נעראָ האָט געטראַכט, אַז ער איז אַנ׳איבעריגער אין שטוב, אַז מען האָט איהם פיינט און אַז מען וואָלט איהם גערן אַרויסגעיאָגט פון דאַנען.

אין די צימערן האָט ער שוין לאַנג אויפגעהערט צו געהן, מען האַלט איהם פאַר זײַנאַלטען, און קומט ער אַמאָל אַריין, ווערט באַלד אַ טרייבעניש און אַ שרייעניש, און מעהר פון אַלעמען קאָכט זיך עמאַ, וואָס האָט שטענדיג קאָפּ-וועהטאָג און ליעגט אָפטער אין בעט.

— טרייבט איהם אַרויס! — שרייט זי מיט אַ דינעם קווי-טשיגען קול — איך קאָן איהם נישט ליידען!

אין די גוטע יאָהרען האָט ער מיט אָט דער עמאַ׳ן געשפּאַצירט, און בעת ער איז מיט איהר געגאַנגען איבער׳ן גאַס, האָט ער געפיהלט, ווי איהר בליק וואַרימט זיין רוקען, ווי ער איז איהר טייער און ווי זי היט איהם. זי האָט געציטערט, אַז אַ טראַמוואַי זאָל איהם נישט איבערפאָהרען, אַ פערד זאָל איהם נישט אַ קלאַפּ טהאָן און אַז ער זאָל זיך נישט פערבלאָנזשען. און איהם פלעגט זיך וועלען לאַכען: האָט ער דען נישט גע-וואוסט בעסער פון איהר, וואו די שטוב געפינט זיך? עמאַ האָט נאָר געהאַט דריי ערטער וואוהין צו געהן: צום שוואַרצען יונגענמאַן, וואָס האָט געוואוינט נעבען טייך אין אַ פרעהליכען ליכטיגען צימער, צו דער שניידערין און אין ביבליאָטעק. בעסער ווי אומעטום איז געוועזען ביים יונגענמאַן. ער פלעגט איהר,

עמאַ׳ן, געבען גוטע זאַכען, אַ לאַכענדיגער און אַ פרעהליכער, און דערנאָך פלעגען ביידע עפּיס זינגען, האַלטענדיג זיך פאַר די הענד. אָפט האָט דאָרטן געשמעקט מיט קאָלבאַס, מיט וועלכען מען פלעגט אויך איהם, נעראָ׳ן, מכבד זיין. ביידע פלעגען מכבד זיין, ער און זי, און ביידע פלעגען איהם גלעטען. אַוועקגעהן פלעגט זי פון דאָרטען האַלבע נאַכט. דער יונגערמאַן פלעגט זי בעגלייטען, און נעראָ, געהענדיג אין מיטען, האָט געפיהלט פון ביידען איין ריח.

צומאַכענדיג די אויגען, האָט נעראָ אויסגעצויגען די פאָדערשטע לאַפּעס, האָט אָנגעשפּאַרט אויף זיי די מאָרדע און בעשלאָסען מעהר שוין נישט אַרויסגעהן פון אונטער׳ן בעט, סיידען אַז מען וועט איהם רופען. צום מיטאָג איז נישט זעהר ווייט, און אויב מען וועט איהם דעמאָלט נישט אַ רוף טהאָן, וועט ער בשום אופן נישט אַרויסגעהן. ער וועט שוין דאָ אַזוי בלייבען ליעגען אויף שטענדיג, אויף אייביג, זיי אויף צו להכעיס, און זאָלען זיי זיך שפּיעלען מיט דער ווייסער משוגע׳נער קאַץ, פון וועלכער עס שמעקט מיט קויהלען, אַש און מייז.

ביז עס האָט זיך דערהערט דער בעל-הבית׳טעס טריט, דער קלאַנג פון טעלער, לעפעל און גאָפּעל — האָט זיך נעראָ׳ן געדאַכט, אַז ער האָט שווער געדרעמעלט. עפּיס משונה׳דיגעס און אונפערשטענדליכעס האָט ער געזעהן אין דרעמעל. עמאַ האָט געשפּיעלט מיט אַכט ווייסע קעץ און די יונגע שנוהר האָט זיי געטיילט טעצעלעך מילך. דערנאָך האָט מען זיי גענומען אויף די הענד און אַוועקגעלעגט צו בענקע׳ן אין בעטעל אַריין שלאָפען, פאָרזיכטיג און שורות׳ווייז, און איינגעדעקט זיי מיט דער גרינער זיידענער דעקע, וואָס ליעגט אויף דער שנוהר׳ס בעט. און דער אַלטער בעל-הבית, וואָס עס שמעקט פון איהם רויך און סיגאַרען און קוים וואָס ער קאָן געהן, איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסען הויך ביז׳ן באַלקען, און, טרייסלענדיג מיט׳ן ווייסען קאָפּ, האָט ער גיך און אָהן אַנ׳אויפהער גע׳חזר׳ט:

— קעץ האָב איך פיינט — קעץ האָב איך האָלד... קעץ האָב איך פיינט — קעץ האָב איך האָלד...

נערא האט געעפענט די אויגען און האט ארויסגעקוקט פון אונטער'ן בעט. די אלטע בעל-הבית'טע האט געצעהלט די טע-לער, יענטע האט געבראטען ביים אויוועז, און עס האט גע-שמעקט מיט קאטלעטען, מיט געבראטענע קארטאפעל און מיט פיש. דער ריח האט זיך פון דעם אלעם געמישט אינאיינעם און האט געקיצעלט די נאז. עס האט זיך שרעקליך פערוואלט עסען. פאמעליך איז ער ארויסגעקראכען פון אונטער'ן בעט, און, אויס-ציהענדיג פריהער די פאדערשטע פיס און דערנאך די הינטערש-טע, האט ער א גענעץ געטהאן און שטיל ארומגעקוקט זיך. דער ריח איז געווארען אלץ פעטער און געדיכטער, ער האט זיך צוגאסען אין די בלוטען, אין די גלידער, און נערא'ן האט זיך גערדאכט, אז די ווענד זענען קאטלעטען, דער באלקען — קאטלעטען און דער אויוען קאטלעטען, זיי זענען פעטע און פרעגלען זיך מיט א מאדנעם בע'טעמ'טען קנאק און בעטען זיך אין מויל אריין. פון אין דערפריהה אן האט ער נאך גארנישט געגעסען, און א געפיהל האט ער געהאט, ווי איהם וואלט אויס-געטריקענט דער מאגען און ווי ער וואלט זיין גאנץ לעבען נישט גענומען א ביסען אין מויל. אינסטינקטיוו האט ער זיך אבי-דערגעזעצט אנטקעגען דער בעל-הבית'טע און גענומען דרעהען דעם עק.

— איך שטארב עסען! — האט ער איהר געזאגט מיט אי-בערגעבענע שטראהלענדיגע אויגען, — גיב מיר א קאטלעט, גיב מיר צוויי, גיב מיר עטליכע.

נאר די בעל-הבית'טע האט איהם גארנישט געהערט, און אז זי האט זיך אבגעקעהרט און געוואלט עפיס נעהמען פון טיש, האט זי איהם ארויפגעטראטען אויפ'ן פוס. נערא האט א געשריי געטהאן פון וועהטאג און איז אבגעלאפען אין א זייט. דער וועהטאג איז געווען גרויס, און שרייען לאנג, ווי עס האט זיך געוואלט, האט נישט געפאסט. ער האט אראבגעלאזט דעם קאפ און געקוקט פון דער זייט אויף דער בעל-הבית'טע. אפשר וועט זי איצט רחמנות האבען אויף איהם און וועט איהם געבען א קאטלעט. זי איז אבער געווען בייז און אויפגערעגט, פונקט ווי

מען וואָלט איהר אַרויפגעטרעטען אויפ׳ן פוס, און אין אַ ווײלע אַרום האָט זי מיט כעס געזאָגט:

— ווי ווערט מען שוין פטור פון איהם! אין די ביינער זיצט ער מיר!

און זי האָט אַ וואָרף געטהאָן אַ שטיק האָלץ אין זײן זייט. ביי נעראָ׳ן איז מיט אַמאָל פערפאַלען געוואָרען דער אַפּעטיט. ערגעץ אונטער׳ן פעל, ביים רוקען, האָט געברענט, פונקט ווי עמיצער וואָלט דאָרט אָנגעגאָסען זודיג וואַסער. עס האָט געפינ- טעלט אין די אויגען און די אונטערשטע ליפ האָט געציטערט. שאַרענדיג זיך, ווי אַ גנב, אַרום וואַנד, איז ער אַרויס פון קיך אין פאָרהויז און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפ׳ן גאַניק. עס האָט געקאַפּעט אַ שיטער, פויל און קאַלט רעגענדיל. טראָפּען נאָך טראָפּען, טראָפּען נאָך טראָפּען איז עס געפאַלען פון חמאַר- נעם פערקומערטען הימעל. און דער שאָרך פון די טראָפּען אויף דער ערד איז געווען איין און דערזעלבער, נישט שטאַרקער, נישט שוואַכער. און דערפון האָט עפּיס גענאָגט ביים האַרצען. דרויסען איז געווען הערבסט. אַ טריבער ווינד האָט געפייפט אין די בוידעמער, פון ערגעץ אַ ווייטען בוידעם האָט אָבגעענטפערט אַ צווייטער ווינד, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז צוויי טריבע בייזע ווינדטען ריידען זיך צוזאַמען. נעראָ האָט געקוקט אויפ׳ן גרויסען הויף, וואָס איז אויסגעפלאַסטערט מיט קליינע נאַסע שטיינדלעך, אויף די פערנעצטע הייזער מיט די פערטרעהרטע פענסטער און אויפ׳ן נידעריגען, נודנעם און פערריכערטען הי- מעל. וואו געהט מען? עסען האָט זיך נישט געוואָלט, אַריין צוריק אין שטוב אודאי נישט. ער האָט לאַנג משער געווען וואוהין צו געהן — צי צו מענשען אָדער צו הינד, און האָט נישט געקאָנט בעשליסען. מען האָט געקאָנט אַריינגעהן צו דעם אַלטען פרומקינ׳ען, וואָס האָט איהם אַזוי ליעב און וואָס וואוינט דאָ נישט ווייט. אָבער ווי יאָוועט מען זיך עס פּלוצלונג און איינער אַליין, אָהן די שטוביגע, ווי אַזוי וועט מען איהם בע- געגענען? נאָר אַז עס איז איהם געקומען אין דמיון די שוואַר- צע לייכטזיניגע פינקע, האָט ער זיך באַלד אויפגעשטעלט און

געלאָזט געהן. פינקע האָט געוואוינט אין אַ זייטיגען געסיל, ביי אַנ׳אָרימען שינדער, אַ שכור, פאַר וועלכען פינקע, געדענקט ער, האָט שטענדיג מורא געהאַט. דער דאָזיגער שינדער האָט אויך איהם אַמאָל מכבד געווען מיט אַ שטעקען. מיט עטליכע ברייטע און פאָרזיכטיגע שפּרייזען איז ער אַריבערגעשפּרונגען די בלאָטע פון מיטען גאַס און האָט זיך פערקירעוועט אין אַ גע-סיל. נאָך אַ צעהנדליג טריט — און אָט איז שוין פינקע׳ס וואוי-נונג: אַ קליין הייזעל מיט אַריינגערוקטע פענסטערלעך, אַ לאַנגער פּאַרקאַן מיט אַ טויער אָהן טהירען; ווייטער אין הויף, ביים בערגעל, שטעהען בעקאַנטע הילצערנע שטעלכלעך, הינטער וועל-כע עס ציהען זיך ברייטע פעלדער מיט גלייכע שורות קרויט. ער איז שוין דאָ לאַנג נישט געווען, און די שטעלכלעך האָבען איהם הנאה׳דיג דערמאָהנט אָן יענער צייט, ווען ער האָט זיך געפיהרט מיט פינקע׳ן.

ער איז באַלד פרעהליכער געוואָרען, נאָר געטראָפען האָט ער פינקע׳ן נישט אַליין. זי איז געלעגען אויסגעצויגען הינטער׳ן שטאַהל און נעבען איהר איז געזעסען דער גרויסער געלער מאָפּס מיט אָבגעשוירענע אויערן און מיט אַ שענעם ניקעלירטען האַלז-באַנד. מאָפּס׳ען האָט ער געקאָנט פון פריהער. ער האָט נאָך אפילו גוט געקאָנט זיין מאַמע׳ן, אַ חיטרע און אַ צולאָזענע צויג. נאָר מאָפּס׳ען האָט ער פון שטענדיג אָן פיינט געהאַט פאַר זיין אויסגעפוצטקייט און אָנשטעלעניש׳ען, פאַר זיין בערימעריי און צופרידענקייט. ער האָט איהם אויך געהאַלטען פאַר אַ פוילער, פאַר אַ נאַר און פאַר אַ בעל-גאוה. איינמאָל, געדענקט נערא, האָט ער געהאַט מיט איהם אַ סכסוך, און אַז זיי האָבען זיך גענומען ביידע שלאָגען, האָט מאָפּס אַרויסבעוויזען אַ סך כח. פון דעמאָלט אָן האָבען זיי זיך מעהר נישט געזעהן. פינקע האָט זיך פאַר דער צייט שטאַרק אומגעביטען. זי איז געוואָרען שע-נער און אויסגעוואַקסענער, און געלעגען איז זי אַ מיעדע און אַ קאָקעטישע און האָט גוטמוטהיג בעטראַכט נערא׳ן פון דער-זייט. נערא האָט געוואָלט אונטערגעהן סאַמע צו איהר, נאָר מאָפּס האָט איהם גענומען אַרומשמעקען און ס׳איז עפּיס שווער געווען

איהם אָבצוטרייבען. אויף מאָפּס'ען האָט געגלאַנצט דער ניקעליר־קער האַלזבאַנד. די שוואַרצע גראָבע מאָרדע מיט דער שוואַרצער נאַסער נאָז האָבען זאַט געפינקעלט, און עס איז געווען קענטיג, אַז ער קומט דאָ אַהער אַלע טאָג און פיהלט זיך גאַנץ גוט. נעראָ האָט זיך שווייגענדיג אַנידערגעזעצט און איהם איז געוואָרען אומעטיג.

— קאַלט... — האָט ער פּלוצלונג אַרויסגעזאָגט, — פינקע, דיר איז אויך קאַלט?

— ניין, — האָט פינקע לייכטזיניג געזאָגט.

— ווען עס איז קאַלט און ווען עס איז וואַרים... — האָט זיך מאָפּס באַסיג געשטאָכען.

נעראָ'ן האָט זיך שוין נישט געוואָלט מעהר ריידען. מאָפּס איז, אַפּנים, איהרער, און ער איז דאָ גאָר אַ פרעמדער, אַ דריטער און אַנ'איבעריגער. פאַר פערדרוס האָט ער שוין גע־וואָלט אַוועקגעהן, און האָט דאָך נישט געקענט. עס איז עפּיס געווען אַ שאָד צו לאָזען די שוואַרצע הייסע פינקע אויף דעם געלען זאַטען און גאוה'דיגען מאָפּס'ען, וואָס האָט געשטאָלצירט מיט זיין האַלזבאַנד און מיט זיין גלאַנציגער מאָרדע. ווען נישט די איצטיגע כחות זיינע, וואָלט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף מאָפּס'ען און איהם איינגעביסען אין האַלז אַריין. זאָל ער וויסען, אַז ווען ער, נעראָ, קומט צו פינקע'ן, דאַרף ער, מאָפּס, נעה־מען און אַוועקגעהן. פאַר איהם איז דאָ קיין אָרט נישטאָ. נאָר מאָפּס איז יונג און געזונד, און עס איז אַ מורא זיך אָנצוהויבען.

און דער הימעל האָט אַלץ געזייהט זיין פויל און נודנע רעגענדיל, די ברייטע פעלדער קרויט האָבען דערמאָהנט אָן ווייסטען הערבסט און בייזע ווינדטען, ווען עס געהען אַרום היימ־לאָזע און הונגעריגע הינד איבער די גאַסען; די עטליכע קאַר־שען־בוימלעך, וואָס זענען דערביי געשטאַנען, האָבען געציטערט מיט די שיטערע, נאַסע און געלע בלעטער, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עמיצער וויינט איבער דער גאַנצער לענג פון דער ערד און מען קען נישט וויסען פון וואָס און פאַרוואָס. שטיקער פינסטערניש האָבען זיך צוגעקלעבט צו די גרויע שווערע הימלען

און לאַנגזאַם האָבען זיי זיך ערגעץ געצויגען, פונקט ווי אַ פלאַ-
כער קויטיגער טייך. אַ ווײַלע איז נערא געזעסען אָהן געדאַנקען
און האָט שטאַר און מוטנע געקוקט אויף די שורות קרויט. ער
האָט עפּיס אַזוי ווי פערגעסען, פאַרוואָס ער איז אַוועק פון דער-
היים, נאָך וואָס ער איז געקומען אַהער און וואָס פאַר אַ שייכות
האָט ער איצט צו פינקע׳ן און וואָס שטעקט איהם פאַר די אוי-
גען מאָפּס׳עס ברייטע און עקעלדיגע מאָרדע. איהם האָט געטריי-
סעלט און, צופאַלענדיג צו דער נאַסער ערד, האָט ער געלעגט
דעם קאָפּ אויף די פאָדערשטע לאַפּעס און טיעף אַנ׳אָטעם גע-
טהאָן. פינקע מיט מאָפּס׳ען האָבען זיך איבערגעקוקט און גע-
שוויגען.

עס איז געוואָרען נאַכט, און דער רעגען האָט נישט אויפ-
געהערט. די ערד האָט זיך יתומ׳דיג געווייקט אונטער איהם,
און עס איז געוועזן עהנליך דערויף, ווי עמיצער וואָלט גענומען
די ערד און אַרײַנגעוואָרפען אין אַ גרויסען פינסטערן קעלער,
וואו עס רינט פון די ווענד און פון באַלקען. נאָר אָט איז פון
דעם קליינעם שטיבעלע אַרויסגעקומען פינקע׳ס בעל-הבית, אַ
שכור׳ער, אויף דער העלפט אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער, מיט
אויסגעשטעלטע קולאַקעס און אַ שרייענדיגער. ער איז געפאַלען
פון די פיס, פונקט ווי ער וואָלט זיך וועלען איבערקוליען און
נישט קענען, און דערנאָך האָט ער אויסגעבראָכען אַ שויב. פינ-
קע האָט זיך אין דער-גיך אויפגעשטעלט, און, בעהאַלטענדיג דעם
עק צווישען די הינטערשטע פיס, איז זי פערשוואונדען געוואָרען
צווישען די קעפּליך קרויט. באַלד איז מאָפּס נאָך איהר אַוועק,
פרעהליך שמעקענדיג איהרע טריט. נערא האָט זיך אויך אויפ-
געהויבען, נישט וויסענדיג וואוהין צו געהן. לויט געוועהנהייט
האָט ער געוואָלט אַוועקלויפען נאָך פינקע׳ן, נאָר ער האָט זיך
אין מיטען בעדאַכט און זיך געלאָזט צום טויער. ער האָט אויס-
געמידען דעם שכור און איז אַוועק מיט דער גאַס. אויפ׳ן גאַס
איז געשטאַנען אַ טיעפע קאַלטע בלאָטע, און ביי יעדען טריט
איז זי געשפּרונגען אין די אויגען, אין נאָז און אונטער׳ן בויך.
טריבּ און פאַמעליך זענען געפאָהרען לייכטע דראָזשקעס מיט

צוויי געלע פייערליך ביי די זייטען, און די פערד האָבען שוער געסאָפּעט און געהויבען מיט די קעפּ.

וואוהין געהט מען? ער האָט געשפּרייזט פון איין גאַס אין אַ צווייטער און האָט נישט געוואוסט וואוהין און נאָך וואָס ער געהט. אָט איז גאָר אַ רייכע גאַס, און אַמאָל פלעגט ער געהן מיט עמאַ'ן דורך אָט דער גאַס אויפ'ן בולוואַר. אין די קראָמען איז ליכטיג, און די סחורות לייכטען פון די פּאָליצעס. נאָר אויף די גרויסע שויבען ציהען זיך שנירעלעך רעגען און עס טריפט פון די שילדען. אויף די טראָטואַרען ליעגען שוואַרצע פלעקען וואַסער, און וואו-נישט-וואו ציטערט אויף זיי דער שיין פון אַ פענסטער. דער גרויסער לאָמפּ פון טראַמוואַי לויפט פאַר-אויס מיט אַ שטיק נעבעל, דער טראַמוואַי אַליין זעהט זיך פון וויטען נישט אַרויס, און עס ווערט אַלץ געדיכטער די נאַסקייט און קעלטער. אויף אַ ראָג גאַס, שוין אין אַ פּערוואָרפען ווינ-קעל, האָט נעראָ בעגעגענט אַ היימלאָזען הונד מיט אַ שיטערער און דורכגעלעכערטער פעל. נעראָ'ן איז געווען בעוואוסט, אַז אָט דער הונד האָט קיין היים נישט, אַז ער עסט פון די רינעס, אַז ער האָט דורכגעמאַכט אַ שווער לעבען, און בעת ער האָט זיך מיט איהם איבערגעשמעקט, האָט ער געטראַכט, אַז יענער האָט שוין פון אַ צייט מסתמא נישט געהאַט אַ ביסען אין מויל. לויט געוועהנהייט, האָט נעראָ קיינמאָל קיין גוסט נישט געהאַט צו מאַכען אַ געשפּרעך מיט אַזאַ הונד, נאָר איצט האָט ער איהם עפּיס פּלוצלונג, ווי אונגערן, אַ פרעג געטהאָן:

— פון וואַנען געהסטו?

— פון פעלד, — האָט יענער, ציטערענדיג, געענטפערט, האַלטענדיג דעם עק צווישען די פיס, — דאָרט זענען דאָ גריבער מיט גראָז, איז נישט קאַלט צו ליעגען.

נעראָ האָט זיך דערמאָהנט אָן דעם פעלד. ער איז אַמאָל דאָרט געווען — אַ צויג האָט איהם פערשלעפּט. דאָרט זענען ווירק-ליך פאַרהאַן בעגראָזטע גריבער-לעכער, אין וועלכע מען קאָן זיך דערוואַרימען. אָבער עס איז עפּיס נישט אַנשטענדיג פאַר אַנ'אַל-טען יחוס'דיגען הונד צו געהן אַהין. ווער ווייס, מיט וואָס

פאַר אַ הינד מען קאָן זיך דאָרט אָנבעגעגענען. נישט געהן אָבער איז געווען נאָך ערגער, און אָבוואַרטענדיג, ביז דער היימלאָ-זער און פערשמאַכטער הונד איז פערשוואונדען געוואָרען פון די אויגען, האָט זיך נעראָ שטיל און שעמעוודיג אַוועקגעלאָזט אַהין. צו דעם פעלד איז געווען ווייט, און אַז ער איז געקומען אויפ'ן אָרט, האָט ער געפיהלט, אַז ער איז אינגאנצען דורכגענומען פון רעגען, אַז איהם טרייסעלט און אַז איהם טהוט וועה אַ באַק-צאָהן. די נאַכט איז שווער און שוואַרץ געלעגען אויפ'ן פעלד, זי האָט געזייהט מיט וויסטעניש און רעגען, און אויף דער ערשטער רגע האָט אָנגענומען אַ פחד. אַרום און אַרום זע-נען קיין פייערן נישט געווען, דער טייך האָט ערגעץ נישט ווייט געחליפעט צווישען די ברעגען און עס האָט זיך געהערט, ווי אַ הונגעריגע צויג וואָיעט פון אַ גרוב אַרויס. די וויסטע שוואַרצקייט האָט נאָכאַנאַנד געשאָטען מיט טראָפּענס רעגען, און פון מינוט צו מינוט איז אַלץ שוואַרצער געוואָרען. אַ שוואַרץ פעלד, אַ שוואַרצער רעגען און אַ שוואַרצער הימעל. און מיט אַמאָל, פלוצלונג, האָט זיך נעראָ'ן פערוואָלט אַהיים, צו מענ-שען, וואָס געהען אום אַזוי מאָדנע און לעכערליך אויף צוויי פיס און מיט די אַנדערע צוויי פיס טהוען זיי אַנ'אַרבייט, וואָס וואוינען אין הייזער מיט צימערן, וואָס ברענען ביינאַכט לאָמ-פּען, עסען ביי אַ טיש און שלאָפען אין ווייכע בעטען. עס האָט זיך פערוואָלט אַ לעק טהאָן עמאַ'ס האַנד, דרעהען מיט'ן עק פאַר דער בעל-הבית'טעס שנוהר, זעהן די אָנגעצונדענע לאָמפען און אַ שמעק טהאָן אין קיך. אונטער'ן טיש מוזען געוויס ליעגען פעטע ביינער, און דאָרט איז וואַרים. נאָר ער האָט זיך דער-מאָהנט, אַז ער איז נאַס, אַז ער איז אַלט און מאוס, אַז מען האָט איהם פיינט און אַז די נאַרישע קאַץ פערנעהמט אַ בעסערן אָרט, איידער ער. די קאַץ מוז איצט געוויס ליעגען ביי בענ-קע'ן אין בעט, אויף דער רויטער קאָלדרע, צונויפגעדרעהט ווי אַ בויגעל, און בורטשען, און קיינער וועט זי נישט אַראָבטריי-בען. און אַ דורכגעווייקטער, איז ער אַוועק ווייטער איבער'ן פעלד, פיהלענדיג ווי עס שטאַרקט זיך דער וועהטאָג פון באַק-

צאָהן. אין איין אָרט האָט ער אָנגעטראָפען אויף אַ קליינעם און וואַרימען קוויל, וואָס האָט זיך געטרייסעלט און געיאָמערט. נעראָ האָט זיך פּאָרזיכטיג צוגעקוקט. דאָס איז געוועזן אַ קליין הינדטעל, אַ דיק'ס, אַ נידעריג'ס, אַזוי ווי אָהן פיסלעך, ווי אַנ'אָנגעשטאָפּט זעקיל, און נאָכ'ן ריח האָט נעראָ דערקאָנט, אַז דאָס מוז זיין נאָך גאָר אַ יונג'ס, אודאי פון אַ חודש. נעראָ האָט איהם עטליכע מאָל אַרומגעשמעקט און דאָס הינדטעל האָט גאָר אויפגעלעבט.

— זיידע, — האָט עס געזאָגט נישט שאַרף — דו נישט אָוועקגעהן?...

— קום, — האָט דער אַלטער גערופען, — קום מיט מיר, איך וועל דיך איינוואַרימען...

זיי האָבען זיך געלעגט אין אַ גרוב מיט אַ נאַטירליכען דעכיל. דאָרט איז געוועזן פייכט, אָבער נישט נאַס. דאָס הינד-טעל האָט זיך אַריינגעלעגט צווישען נעראָ'ס האַלז און די פּאָ-דערשטע פיס, האָט זיך שטאַרק צוגעטוליעט און עטליכע מאָל אַ געגעץ געטהאָן, און נעראָ'ן איז געוועזן אָנגענעהם זיין אָטעם, פון וועלכען עס האָט נאָך געשמעקט זיין מאַמע'ס מילך. דאָס דאָזיגע הינדטעל האָט אויך איהם געוואַרימט, און ער האָט גע-פיהלט, ווי לאַנגזאַם טרעט-אָב דער צאָהן-וועהטאָג. ער האָט צו-געמאַכט די אויגען, פערקוועטשט די צייהן און צוגערוקט די מאָרדע צום הינדטעל'ס פעל.

און אויפ'ן פעלד האָט דער רעגען געגאָסען און געגאָסען, איינטעניג, איינשאָרפיג, נישט שטאַרקער, נישט שוואַכער, און די נאַכט איז געלעגען אַ שווערע אין אַנ'אויפגעבלאָזענע, ווי אַ שווארץ וואַסער-נעבעל, פונקט ווי זי וואָלט אָהן רחמנות אַראָב-געוואָרפען געוואָרען פון יענעם אָרט, וואו עס נעסטיגען זיך די שענע, צאַרטע און אויסגעצירטע נעכט. קיין איין פייער האָט זיך נישט געזעהן, און נאָר דער טייך האָט נישט ווייט געחלי-פּעט און עס האָט איינזאַם געוואָיעט אַ הונגעריגע צויג. צומאָר-גענס אין דערפריה איז נעראָ אַוועק אַהיים.

# אַלטע בריעף.

## א.

### פון אוזדאָװקע קיין װילנא.

יום ג׳, אייר, שנת תר״ז...

צו מיין טייערער און געאַכּפּערטער חוה׳לען!

... און איך שרייב דיר, אַז דרויסען איז נאַכט. דאָס שטעדטיל שלאָפט שוין לאַנג, און עס איז שטיל. נאָר בענדעט-לייב דער װעכטער, װאָס דרעמעלט שטעהענדיגערהייד נעבען אַלטען בית-המדרש, אָנגעשפּאַרט אָן װאַנד, חאַפּט זיך אָפּטער אויף פון דרעמעל, קלאַפּט-אָן אין קאַלעקאָטקע און שרייט-אויס מיט זיין הייזעריגליכען, אַלטען, האַרצרייסענדיגען קול:

„סלו—שאַ—אַ—אַי!..״

און זיין קול שטעהט אַ רגע אין דער-לופטען און צוטריי-סעל זיך דערנאָך אין אַלע זייטען. און עס װערט װידער אַזוי

שטיל, אַז מען קען הערען דעם געריוש פון ירחמיאל׳ס מיהל. און ירחמיאל׳ס מיהל, ווייסטו דאָך, ליעגט אַ מייל פון דאַנען.

אין אַזאַ נאַכט איז שווער צו שלאָפען און שווער וואַך צו זיין, שווער צו קלערען און שווער גאָרנישט צו קלערען. און איך האָב שוין געפּרובט לערנען פאַר׳ן אָפענעם פענסטער — און עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען דערפון. אַ לינד ווינדטעל אָטעמט אויף די גמרא-בלעטער און ווענדט-אָב די געדאַנקען. דאָסזעלבע ווינדטעל אָטעמט מיר אויף די הענד און אויף די באַקען, דאָס ליכטעל אין לייכטער וויעגט זיך און בויגט זיך צום וואַקס, און איך הויב-אויף די אויגען און זעה אַ הימעל מיט שטערען און אַ שטילע ערד מיט זיסען שלאָף און וויטע, זעהר וויטע ש׳דות מיט שווייגענדיגע בוימער. די גמרא האָב איך צוגעמאַכט, און איצט זיץ איך אויפ׳ן גאַניק און עפּיס אַ בעגעהר בלאָנזשעט מיר אום אויף דער נשמה. זאָג מיר, קרוין, וואָס וויל איך?

אַז דו ביזט אַוועקגעפאָהרען, ביזטו געווען געקליידט אין אַ בלוי קלייד, און אויפ׳ן האַלז האָסטו געטראָגען פּעריל. זעליג דער בעל-עגלה האָט אַ שמיץ געטהאָן דאָס פערד, דער וואָגען האָט זיך, סקריפּענדיג, פון אָרט געריהרט און דו ביזט געזעסען ווי אַ מלכּה און מיר פאַמעליך אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ. די זון איז דעמאָלט פערגאַנגען הינטער׳ן גראָפ׳ס וואַלד, און דער ראַנד הימעל, וואָס אויפ׳ן וואַלד, האָט בלוטיג-רויט געברענט. און איך בין דיר נאָכגעגאַנגען נאָכ׳ן וואָגען אַ סך מעהר, ווי דו קענסט זיך פאָרשטעלען: סאַמע ביז טאַרקאַעיווע און איך האָב זעהר געוואָלט, דו זאָלסט זיך אָבקעהרען און האָב זעהר נישט געוואָלט: איך וואָלט זיך געוויס פערשעמט. נאָר פון דעמאָלט-אָן האָב איך קיין מנוחה נישט, און ביינאַכט צערטעלט זיך מיר די נשמה. דו פערשטעהסט, וואָס דאָס איז? עמיצער גלעט מיר ביי דער נשמה, ווי אַ מאַמע איהר קראַנק קינד, גלעט און ציהט זי פונאַנדער, און בשעת מעשה דאַכט זיך מיר, אַז איך הער ווי מען זינגט ערגעץ ווייט, גאָר ווייט און זעהר שען. אָבער איך זעה קיינעם פאַר די אויגען נישט,

און מיר ווילט זיך וויינען. דאָס איז געוויס אַ נאַרישקייט, נאָר איינמאָל האָב איך מיר צעוויינט.

„דו זעהסט, משה, — הער איך, ווי דורך דער שיטערער וואַנד שעפּשעט מיין מאַמע צום טאַטען, — שלמה׳לע וויינט איבער דער גמרא״...

נאָר דערנאָך, אַז איך קום צו די געדאַנקען, ווייס איך וואָס דאָ איז. דאָס ביזטו, חוה׳לע, מיט דיין האַלז פּעריל, מיט דיין בלוי קליידעל, מיט דיינע שוואַרצע אויגען, מיט דיין זיצען אויפ׳ן וואָגען ווי אַ מלכּה און מיט דער רויטער זון, וואָס האָט זיך געזעצט הינטער׳ן גראַפ׳ס וואַלד. דיין געשטאַלט טרעט פון מיר נישט אָב, און אויך איצט, אויפ׳ן גאַניק, אַז איך קוק רעכטס — זעה איך דיך רעכטס, און אַז איך קוק לינקס — זעה איך דיך לינקס. און אָפטמאָל ציה איך אויס די הענד נאָך דיר, אַזוי ווי איך וואָלט דיך געוואָלט חאַפּען, און איך טראַכט: איצט איז נאַכט און שטיל און לינד, און גאָט הערט זיך צו אין דער שטילקייט צו דעם מענשענ׳ס בעגעהר. לאָמיך אויסציהען די הענד — אפשר וועל איך דיך חאַפּען...

אָבער דו ביזט אין ווילנאָ, אין אַזאַ גרויסער שטאָדט, וואו דו זעהסט די גרעסטע מיליאָנערען און די העכסטע לייט און דו געהסט אודאי שפּאַצירען מיט דיין האַלז פעריל און דו ביזט נושא-חן ביי אַלעמען און אָן מיר האָסטו פערגעסען. איך קאָן אָבער נישט גלויבען, אַז דו זאָלסט פערגעסען. וואָרום מען זאָגט, אַז איין נשמה רוהט נישט, רוהט נישט אויך די צווייטע. און אגב דאָס וואָרט, וואָס מיר האָבען זיך שטילערהייד געגע-בען, דעם צווייטען טאָג פסח ביי אונז אויפ׳ן הויף. געדענקסטו? געדענקסטו?

זיי-זשע געזונד, חוה׳לע, און שרייב מיר באַלד אַ בריוועלע. שיקען זאָלסטו, ווי מיר האָבען אָבגערעדט, מיט זע-ליג בעל-עגלה. ביי אונז טאָגט שוין.
שלמה׳לע.

---

# ב.

## פון אוזדאָוועקע קיין ווילנאָ.

יום ה׳ י״ט אייר, שנת תר״ו...

צו מיין הויכגעשעצטער און טייערער חוה׳לען!

זעליג דער בעל-עגלה האָט מיר ריכטיג איבערגעגעבען דיין בריעף. איך האָב איהם צוויי מאָל איבערגעלייענט, דעם בריעף, און בעהאַלטען אין אַ בעזונדער שפעלטיל אין וואַנד. און אַז איך געה פאַרביי דער דאָזיגער וואַנד, ווילט זיך מיר זיין אַ גוטער, פאָלגען דעם טאַטען און דער מאַמען, לערנען מיט טעם טאָג און נאַכט און טהאָן אַלעמען טובות. אויך דיענט מיר דער בריעף דיינער פאַר אַ תרופה: אין די שטילע וועסנע-אָוועגדען, אַז עס הויבט מיר אָן צערטלען די נשמה, לעג איך דעם בריעף אין דער בוזעם-קעשענע, און עס ווערט מיר גרינגער. אויך לייען איך אַרויס אַ סך מעהר, איידער דו האָסט געשריבען. למשל, אַז דו האָסט געשריבען, אַז דו ביזט געזונד, גאָט צו דאַנקען, לייען איך אַרויס, אַז דו לייכטסט, ווי די זון, און אַז מען נייהט דיר אַ קלייד — לייען איך אַרויס, אַז דיר איז פרעהליך און אַז דיר איז זעהר-זעהר גוט אויפ׳ן האַרצען.

נאָר וואָס איז דיר פלוצלונג איינגעפאַלען וועגען מיין כלה? דו ווייסט דאָך, אַז דער שדוך איז אָבגעטהאָן געוואָרען און אַז דערפון איז מיר אַרויסגעקומען אַ גרויסע טובה: אַזוי וואָלט מען מיך שוין לאַנג פערשלייערט און אַזוי לאָזט מען מיך צורוה. וואָרום אַז מען טהוט-אָב אַ שדוך נאָכ׳ן תנאים, האַלט מען זיך אָב פון אַ נייעם שדוך. זעהסטו, אַז דו דאַרפסט מיר נישט דערמאָהנען וועגען מיין כלה, וואָס איך האָב זיך שוין לאַנג פערגעסען אָן איהר.

נעכטען, ל״ג בעומר, בין איך געוועזן אויף אַ חתונה ביי יואל וואַלד-סוחר׳ס טאָכטער, ביי חיענ׳ן. חיענ׳ נעהמט אַ מאָהילעווער קלויזניק, אַ וואויל-לערנער, וואָס האָט שוין סמיכה אויף רבנות. אויף דער חתונה איז געוועזן דאָס גאַנצע שטעדטיל און אין שמחה און חדוה איז אַוועק די גאַנצע נאַכט. אַ בדחן האָט מען אַראָפּגעבראַכט פון מינסק און ער האָט געזאָגט צום וויינען און צום לאַכען. איך האָב זיך אויך משמח געוועזן און אפילו געטאַנצט אַ שער מיט מיין באָבען. מיין טאַנצען האָט ביי אַלעמען אויסגענומען, און איך האָב געהערט, ווי מען האָט צוגעוואָרפען ווערטלעך מיין מאַמע׳ן:

„זלאַטע, דיין זוהן שיינט... קיין בייז אויג זאָל איהם נישט שאַדטען״...

„זלאַטע, פון דיין שלמה׳לען איז ליכטיג אויף דער חתונה״...

נאָר פונדעסטוועגען איז מיר געוועזן אומעטיג. און ביי כלה-בעדעקען, בעת פייפקע דער קלעזמער האָט איינער אַליין אַזוי האַרציג און ציכטיג געשפּיעלט אויפ׳ן פידעל, בין איך אַוועקגעלאָפען אין אַ ווינקעל און זיך צעוויינט. און ווען איך וויין, ווייס איך, איז דאָס צוליעב דיר, הגם קיינער פערשטעהט עס נישט. די מאַמע מיינט, אַז יעדער עלוי וויינט פון לערנען און דער טאַטע האַלט, אַז ביי מיר ווערט אָבגעשוואַכט דאָס האַרץ. ווען דו, חוה׳לע, וואָלסט וויסען, וואָס איך צוטראַכט וועגען דיר און ווי מיר פאַלט איין דאָס האַרץ, בשעת איך דערמאָהן מיך, אַז דו ביזט אַזוי ווייט פון מיר. בשעת מעשה דאַכט זיך מיר, אַז נישט דו ביזט ווייט פון מיר, נאָר איך בין ווייט פון דיר, און אַז איך געפין זיך אויף אַנ׳אינזעל, ביים ברעג ים, וואו די אינדען לויפען, שפּרינגען און פאַלען איינע אויף די אַנדערע, און עס געהט פון ווייטען אַ שיף מיט ווייסע זעגעל און איך שטעה ביים ברעג און בעט זיך, דאָס שיף זאָל מיך אַרויפנעהמען און דאָס שיף הערט מיך נישט און געהט זיך זיין וועג.

נאָכ׳ן טאַנצען האָב איך מיך אַרויסגעגנב׳עט אין דרויסען. בשעת מעשה האָט געטאָגט, און עס איז געוועזן אַזוי זאַכט און

לינד און פויגעלעך האָבען אַזוי זיס געטשוויטשערט און דער מאָרגענשטערן האָט אַזוי העל געלויכטען, און די באַרן-בוימער, וואָס פאַר יואל'ס שטוב, האָבען זיך אַזוי האַרציג גע'סוד'עט און דער ווייטער ראַנד הימעל האָט זיך אַזוי פריש גערויטעלט, — אַז איך האָב מיך גאָר פערגעסען אָן דער חתונה און בין געבליבען שטעהן אַ פערגאַפטער. און דאָ איז אָנגעגאַנגען יאַכים דער פאַסטוך, וואָס האָט געטריבען די סטאַדע אין פעלד אַריין — האָט יאַכים געהאַלטען אין איין האַנד דעם האָרן און אין דער צווייטער — די לאַנגע בייטש, און די בהמות זענען געגאַנגען טריט ביי טריט, טריט ביי טריט, כמעט גאָר אָהן אַ גערויש. חאָטש זיין אַ פאַסטוך — טראַכט איך — אַבי מיט דיר זיין אינאיינעם. און ווי איך טראַכט אַזוי, הער איך מען רופט מיך, די מאַמע רופט:

„שלמה'לע, וואָס שטעהסטו אין דרויסען?"

און דער מאַמע'ס קול איז אַזאַ וויכער, אַזאַ באַרימהערציגער, אַזאַ לייטזעליגער, און אין דער הויב מיט די שפּיצען איז זי אַזוי שען און אַזוי יונג, און די פּעריל אויפ'ן האַלז לייכטען איהר אַזוי ווי שטערען און די אויגען איהרע מיט די בליקען זענען אַזוינע גוטע, זיי לאָזען זיך מיר אַראָב אין האַרצען אַזוי טיעף — אַז איך קען מיך נישט איינהאַלטען און זאָג צו איהר מיט טרעהרען אויף די אויגען:

„מאַמע" ...

איך האָב איהר געוואָלט זאָגען וועגען דיר, חוה'לע, אַז איך האָב דיך האָלט, אַז איך קאָן אָהן דיר נישט לעבען, אַז דו ביזט מיין בעשערטע — און דער קול האָט ביי מיר אָבגענומען. האָט די מאַמע זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען פאַטשען מיט די הענד.

„שלמה'לע, זוהן מיינער, האַרץ מיינס, וואָס איז מיט דיר? מיר זאָל זיין פאַר דיר! ערשט האָסטו דאָך געטאַנצט!"

און זי האָט מיך צוריק אין שטוב אַריינגענומען. אין שטוב האָב איך שוין געהאַט טרוקענע אויגען און האָב צו אַלעמען געשמייכעלט. אַרויסווייזען, וואָס ביי זיך אין האַרצען איז,

דאַרף מען נישט. און די מאַמע האָט ווידער געמיינט דאָס איי-
געגע, אַז דאָס קומט מיר דערפון, וואָס איך בין אַנ׳עלוי.
זעה, חוה׳לע, גיב מיר גלייך אַנ׳-
ענטפער. זעליג׳ן האָב איך געגעבען
אַ גאַנצען קערביל, וואָס איך האָב
אַנטליהען ביי אַ חבר. און זיי גע-
זונד, חוה׳לע — טייערע.
שלמה׳לע.
קרינטשקאָ, דער אַסעסער, האָט זיך
אַזוי אָנגעשכור׳ט אויף דער חתונה,
אַז מען האָט איהם געמוזט זאַלבע-
זעקסט אַריינלעגען אין אַ בעט. ער
איז דאָך זעהר אַ גראָבער.

---

ג.

## פון אוזדאָוועק קיין ווילנאָ.

יום א׳, כ״ד סיון, שנת תר״ז...

צו מיין האַרציגער און גוטער חוה׳לען!

דיין בריוועלע האָב איך ווייטער ריכטיג ערהאַלטען. און איך וואָלט פון איהם גרויס נחת געהאַט, ווען דו וואָלסט מיך נישט גערופען קיין ווילנאָ — איך זאָל נעהמען און אַוועקפאָהרען שטילערהייד. וואָס וועל איך דאָרטען טהאָן, אין ווילנאָ? און ווי גנב׳עט מען זיך דאָס אַרויס פון אַ שטעדטיל און ווי וועל איך קענען קומען צוריק — דערנאָך, אַז איך וועל קומען? און ווי פערשוואַרצט מען דאָס די אויגען דעם טאַטען און דער מאַ-מען? בעסער וועסטו קומען צו אונז אויף סוכות, און דעם זומער

וועלען מיר ווי עס איז אָבקומען. דערפאַר וועט אונז גאָט בע-צאָהלען פאַר אַלץ כפל-כפלים.

איך בין מודה, אַז וואַרטען איז שווער און זומער אודאי. פערעלע מיט יוסף'ן געהען שפּאַציערען אַלע טאָג הינטער'ן טייך, און אַז איך דערזעה דאָס, קעהר איך אָב דעם קאָפּ. איך דער-מאָהן מיך אָן דיר, וואָס דו ביזט אין ווילנאָ און וואָס אַז דו וואָלסט געווען אין אוזדאָווקע, וואָלטען מיר אויך געשפּאַציערט. שפּאַציערען קאָן מען גראָד שטילערהייד. וואָלטען מיר געגאַנגעןביים טייך, אַרום גוי'עשען מאָהילניק, דאָרטען, וואו עס פער-נעהמט זיך דעם גראַפ'ס וואַלד, וואו עס ציהט זיך דער גראָ-בען, וואו עס ליעגט דאָס גרויסע בלאָטע-פעלד, וואו עס שטעהט דאָס קליינע ווייסע בעריאָזע-וועלדיל און וואו עס פאשען זיך ווילדע ענטלעך.

דאָרט איז אַזאַ גרויסער קיילעכדיגער הימעל און אַזאַ לייטזעליגע רוהיגקייט און מנוחה, אַז עס דאַכט זיך — מען קאָן זעהן וואָס אויפ'ן הימעל טהוט זיך. איך בין דאָרט היינטיגע וואָך געווען און אַ פּאָר שעה אָבגעזעסען איינער אַליין. די מנוחה האָט אָנגעזעטיגט מיין נשמה און איך בין איינגעשלאָפען. האָט זיך מיר גע'חלומ'ט אַ חלום. אַ קיסר פאָהרט אין אַ גאָלדע-נער קאַרעט. אין קאַרעט זענען איינגעשפּאַנט דריי רויטע פערד, אויך געציהרט אין גאָלד. און הינטען געהט אַ מחנה חיל בעדעקט מיט שטויב און נעבעל, מיט גלאַנציגע שפּיזען און ביקסען און ביי די זייטען געהען שפּיעלער מיט פויקען און טאַצען אין די הענד. פרעגט מיך דער קיסר:

„וואָס טהוסטו דאָ איינער אַליין?"

קוק איך אויף דעם קיסר'ס לאַנגע בייזע וואָנסען און גאָלדענע שליפּרעס אויף די אַקסלען און ווייס נישט וואָס צו ענטפערן. געהט דער קיסר אַראָב פון דער גאָלדענער קאַרעטע מיט'ן שווערד ביי דער זייט און נעהמט מיך אָן ביי דער האַנד.

„שרעק זיך נישט, — זאָגט ער, — מיר געהען אין מלחמה. קום מיט אונז אויך מיט.

און ער הייסט אַ דיענער אַריינזעצען מיך נעבען איהם אין

קאַרעט. זיץ איך אין קאַרעט און עס לויפען די פערד איבער'ן וועג און די פויקען און טאַצען הילכען און שאַלען און פון הינ- טען הער איך די שווערע טאַם-טאַם-טריט פונ'ם חיל. צו פאָהרען איז אפילו גוט, נאָר טראַכטען טראַכט איך, אַז איך בין שוין אַ פערפאַלענער און איך דערמאָהן זיך מיט גרויס אַנגסט אָן טאַטען און אָן דער מאַמען און אָן דיר און אָן מיין געוועזענעם רבי ר' שמחה'לען.

און מיר פאָהרען דערוויל וואַלד-איין, וואַלד-אויס, פעלד-איין, פעלד-אויס, איבער בערג און איבער טהאָלען, איבער ברי- קען און איבער פאַראָמען, און פלוצלונג זעה איך דו שטעהסט אויף אַ בערגיל, מיט צונויפגעלעגטע הענד אויפ'ן האַרצען און דער ווינד צוציהט דיר פאַסענווייז די האָהר, און דו ביזט אַזוי שען און חנ'עוודיג, אַז מען קאָן פון דיר נישט אָברייסען דאָס אויג. וויל איך צו דיר צופאַלען מיט ליעבשאַפט און פרעגען, צי דאָס איז אַ חלום, צי אויפ'ן וואָהר, דערזעה איך אָבער באיזה הרגע ווי דער קיסר מיט דער קאַרעט מיט'ן חיל זענען אַנטרו- בען געוואָרען און עס איז לעדיג אַרום אונז און עמיצער טרו- מייטערט מיר פאַרביי אויער. עפען איך די אויגען, דערזעה איך, אַז ביי יאַכימ'ן שטעקט דער לאַנגער האָרן אין מויל און ער טרייבט, אַ באָרוועסער, אָהן אַ היטעל, מיט דער בייטש אין דער האַנד, די סטאַדע אין שטעדטיל אַריין. איז מיר געוואָרען אומעטיג. וואָרום דער סוף פון חלום איז געווען אַזאַ זיסער, אַז איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט איינשלאָפען און איך נישט לערנען און איך האָב דיך אַלץ געזעהן, ווי דו שטעהסט אויפ'ן בערגיל אַ הויכע, מיט צונויפגעלעגטע הענד און דער ווינד צוציהט דיר פאַסענווייז די האָהר. דערנאָך האָט זיך מיר געצערטעלט די נשמה גאַנצע דריי טעג נאָכאַנאַנד, און איך האָב נישט געוואוסט, וואו זיך אַהינצוטהאָן. מען זאָגט טאַקי, אַז ליעבשאַפט איז אַ מין כשוף. עס ציהט און לאָזט נישט אָב און מען קאָן נישט שלאָפען און עס איז שווער צו לערנען. אַמאָל קאָן איך קוקען כסדר אין איין פינטעל גאַנצע דריי שעה. און וואָס מיינסטו, וואָס איז דאָס? אין יענעם פינטעל טאַנצען

אום געלע און גרינע קייקעלעך און צווישען די קייקעלעך זעה איך דיך. קוק איך, קוק איך. דערפון לעגט זיך אויפ׳ן הארצען א הנאה. אבער דערנאך, אז איך קעהר-אב דעם קאפ, טהוט ער מיר וועה און אויף א רגע ווער איך אזוי ווי בלינד. א מין צו-מישעניש קומט מיר פאר די אויגען. דאס געהט אבער גלייך אריבער און איך נעהם מיך תיכף צו דער גמרא.

שרייב מיר, חוה׳לע, וואס מאכסטו און צי דו האסט גע-הערט דעם הארץ ענעם מגיד? ער איז איצט אין ווילנא. מען זאגט, אז זיינע א דרשה איז גאר הפלא. און שרייב מיר אויך, צי לייענסטו די ביכעלעך און מעשה׳לעך, וואס ווילנא דרוקט. היינטיגע וואך האב איך געלייענט א ספור׳ל מיט א ליעבע — פון ווילנא. א פאקענטרעגער האט געבראכט. דער טאטע לאזט עס נישט לייענען.

וואַרט איך אויף דיין תשובה, חוה׳-לע. אט דא וואלט איך דיר געוואלט עפיס זאגען. —

פון שלמה׳לען.

פון רעקרוטען בין איך שוין פטור. דער טאטע האט געלעגט געלד.

---

## ד.

## פון אוזדאָוועקע קיין ווילנא.

יום א׳, תמוז, שנת תר״ז...

### צו דער ליעבער און טייערער חוה׳לען!

קיין תשובה האב איך נאך נישט בעקומען. אפנים, אז דו האסט נישט מיט וועמען אבצושיקען א בריוועלע. און איך וואַרט

יעדע רגע. אַמאָל געה איך זיך אַרויס אומישנע צו דער ראָגאַט־קע און זעה ווער עס פאָהרט, הגם איך ווייס, אַז אַבי מיט־ וועמען וועסטו נישט שיקען. שטעה איך ביי דער ראָגאַטקע און קלער: איין בעל־עגלה פאָהרט, צוויי בעלי־עגלות פאָהרען, דריי בעלי־עגלות פאָהרען, אין דעם פיערטען זיצט אַ יוד מיט אַ בריוועלע. פאָהרט פאַרביי די פיערטע בויד און דאָרטען זיצט גאָר ר׳ מנחם דער שוחט. און ווי איך געה מיט לעדיגען פון דער ראָגאַטקע אַהיים, שטעל איך מיר פאָהר אין דמיון — ווי דו געהסט אין גאַס, ווי דו פערברענגסט ביי די קרבים, ווי דו טראָגסט אַ ניי שען קלייד און ווי ביי דיר לייכט דאָס געזיכט. און עס ווערט מיר אַזוי אומעטיג און אַזוי עלענד אויף דער נשמה, און דאָס שטעדטיל ווערט מיר דערווידערט, און די היים און די גמרא און דאָס לעבען מיינס. און מיר דאַכט זיך, אַז אַ דבוק איז אַריין אין מיר, אַ שד, אַ מקטרג, אַ רוח, אַ גלגול, וואָס זיצט אין מיין בלוט און פייניגט מיך. און רק דו פלאָנ־טערסט זיך מיר פאַר די אויגען, און וואָס איך זאָל נישט טהאָן, זעה איך רק דיין שוואַרצען קאָפּ האָהר און דיין שמייכעל.

היינטיגע וואָך וואָלט אודאי געווען די שווערסטע פאַר מיר, נאָר גאָט האָט געטהאָן אַ נס און היינטיגע וואָך איז אַראָב־געקומען אין שטעדטיל טשיזשיק, דו ווייסט דאָך, דעם פריצ׳ס זוהן, דער קליינינקער, דער געלינקער, מיט די שפּיציגע וועגסעלעך און מיט דעם הוט מיט׳ן פעדעריל. אַראָבגעקומען איז טשיזשיק נישט אַליין, נאָר מיט אַ גאַנצע מחנה אויך אין היט מיט פעדערן און מיט ביקסען אויף די פּלייצעס און מיט לאַנגע שטיוועל און מיט לעדערנע זעקלעך ביים זייט און מיט הויכע מאָגערע הינד. האָבען זיי נאַכט געהאַלטען ביי דעם גלח׳ס שוועסטער, ביי נאַסטאַסיע׳ן, און טשיזשיק האָט געשיקט צו מאיר דעם שענקער נאָך בראָנפען. ביז סאַמע פאַרטאָג האָט מען אַזוי גערודערט און געשריען און געזונגען, אַז קיינער האָט נישט גע־קענט איינשלאָפען און אפילו ר׳ שמחה׳לע איז געשטאַנען אין דרויסען, זיך געקראַצט דאָס האַרץ און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ: „פלאי־פלאים״...

און צומזרגענס איז מען אַרויסגעפאָהרען איבער'ן שטעדטיל און די הויכע מאָגערע הינד זענען נאָכגעלאָפען, און אויף די פערד האָבען געקלונגען בלישטשענדיגע גלעקעלעך און די קו-טשער'ס האָבען מיט לאַנגע בייטשען געקנאַלט איבער דער ערד און טשיזשיק מיט דער גאַנצער כּנופיא איז געווען שכּור און האָט געשאָסען פון זיין ביקס אין הימעל אַריין. און נאַסטאַסיע, דעם גלח'ס שוועסטער, איז אויך מיטגעפאָהרען מיט זיי און אין גאָלד איז זי געווען אָנגעטהאָן און מיט ברילליאַנטען בעציערט און מיט פעריל בעלעגט. דאָס גאַנצע שטעדטיל איז אויפגעווען. קרעמער האָבען צוגעמאַכט די קראָמען, מלמדים האָבען נישט געלערנט מיט די קינדער און ווייבער האָבען אין די אויוועגס נישט געהייצט. און די עלטערע האָבען זיך געשראָקען פאַר אַנ'אומגליק, חלילה. נאָר אודאי האָט מען זיך נישט בעדאַרפט שרעקען, וואָרום עס איז געווען אַזוי פרעהליך און טשיקאַווע אין דרויסען, אַז עס האָט זיך גאָרנישט געוואָלט עסען.

און דערנאָך איז מען אַרויסגעפאָהרען אויפ'ן לעדיגען שטיק פעלד, וואָס נעבען דעם בערישען געסיל, אויסגעשפּאַנט די פערד און אויסגעמאָסטען דאָס פעלד און אַריינגעשטעקט אין דער ערד צוויי הויכע שטעקענס, זעהר ווייט איינע פון די אַנדערע, און נאַסטאַסיע האָט געקאָמאַנדעוועט מיט אַלעמען. וואָלסטו אָבער זעהן ווי זי איז געווען שען און ווי עס האָבען איהר געגלאַנצט די ברילליאַנטענע אויערינגלעך אונטער די געדיכטע האָהר, פּונקט ווי שטערען ביינאַכט צווישען אַ געדיכטען בוים. און טשיזשיק מיט די אַלע חברים זיינע, חאָטש אפילו זיי זענען געווען שכּור, האָבען געגאַפט אַרום איהר און געלעכצט און געבעטען רחמים מיט די אויגען און געפּאָלגט, וואָס זי האָט געהייסען און גע-קושט איהר די האַנד און זענען גאָר ניכטער געוואָרען. און נאַסטאַסיע האָט געלאַכט און געהייסען זיך אויסזעצען אַלעמען אויף די פערד און שטעלען זיך אין איין שורה נעבען הויכען שטעקען און אַליין האָט זי נאָכגעקוקט, צי אַ פערדישע מאָרדע האָט זיך, חס-ושלום, נישט אַרויסגערוקט ווייטער פון שורה.

די יונגע פריצים זענען געזעסען אָהן היטלעך, אין אַזוינע

קאַמזעלקעס, איין האַנד פערלעגט אויף הינטער און מיט דער צווייטער צוגעהאַלטען דאָס קורצע לייצעלע, און טשיזשיק איז געוועזן בלייך און צוטראָגען און אויפגעברענט. ער האָט, אַפּנים, קיין צייט נישט געהאַט צו וואַרטען אַ רגע. און נאַסטאַסיע איז אַריין אין אַנ׳אויסגעשפּאַנטען קארעט, האָט צוגעלעגט צו די אויגען אַ שוואַרצען שפּאַקטיוו, אַ מאַך געטהאָן דריי מאָל מיט דער האַנד און געזאָגט:

„איינס, צוויי, דריי. פאַרטיג״.

האָט זיך מיט אַמאָל אַ ריס געטהאָן פון אָרט די שורה פערד, אויפגעקנוילט זיך אין לופטען אַ ווײַלע מיט צושויבערטע גריוועס און זיך באַלד אַוועקגעלאָזט אין אַזאַ געלאַף, אַז די בייכער האָבען זיך געשאַרט מיט אַ פייפערייי איבער׳ן גראָז. האָט אונז אַלעמען דורכגענומען אַנ׳אימה, אַ גרויסער פחד, און געדאַכט האָט זיך אונז, אַז די ערד שפּרינגט אַרויף און אַראָב אונטער דעם דאָזיגען געלאַף. און נאַסטאַסיע איז געשטאַנען אין קאַרעט, און איך האָב געזעהן, ווי זי זשמורעט די אויגען אין שפּאַקטיוו אַריין. דער ערשטער איז צו יענעם שטעקען דערלאָפען טשיזשיק, אַזאַ קלייניטשקער און, דאַכט זיך, אַזאַ שוואַכינקער. ער איז אָבער אַ צאַפּלענדיגער ווי אַ שלאַנג און האָט אַלעמען איבערגעיאָגט. זענען שוין אַלע געפאָהרען צוריק פאַמעליך און צוהיצטע און פערשוויצטע און שווייגענדיגע, און נאַסטאַסיע האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטען און האָט געטאַנצט אין עקיפּאַזש, און טשיזשיק, אַז ער איז געקומען, איז ער גלייך אַראָבגעשפּרונגען פון פערד און איהר געקושט די האַנד און די קניה האָבען איהם געציטערט. ביינאַכט האָבען שוין אַלע אין שטעדטיל געוואוסט, אַז דאָס איז געוועזן אַזאַ מין געוועט — אַז ווער עס וועט דער ערשטער קומען צום סלוף, דעם וועט נאַסטאַסיע האָלט האָבען. און ביי אַלעמען איז עפּעס דער גאַנצער ענין קשה: נאַסטאַסיע איז אפילו אַ שענע, טאַקי גאָר אַ שענע, אָבער וואָס איז דאָס אַזאַ זכיה נאַסטאַסיע׳ס האָלט האָבען? טשיזשיק איז דאָך אַ גרויסער פּריץ און איז געוויס נישט איהר גלייכען! נאָר ווער קאָן פערשטעהן זייערע דרכים מיט זייערע געוועטען.

אַ גאַנצע נאַכט האָבען די פּריצים געטרונקען בראָנפען ביים גלח און די הויף-קאַפּעליע האָט געשפּיעלט מאַרשען, און דער אַסעסער איז געפאַלען נעבען חיים-באָניע׳ס גאַניק אַ טויט-שכור׳ער און האָט מיט מגושמ׳דיגע קולות געשריען, אַז אַ שטיין לויפט איהם אום אין בויך. און איך בין אַרומגעגאַנגען אין דרויסען און קיין שלאָף האָט מיך נישט גענומען, און איך האָב געהערט, ווי מען שפּיעלט מאַרשען ביים גלח און ווי מען זינגט און ווי מען טאַנצט און ווי מען לאַכט, און איך האָב געקוקט אויפ׳ן שטילען הימעל מיט די טויזענדער שטערען און מזלות און האָב געבעטען ביי גאָט, ער זאָל אַראָבלאָזען פון הימעל אַ האַנד, וואָס זאָל מיך אויפהויבען און אַוועקטראָגען צו דיר. דו וואָלסט אודאי געשלאָפען, און איך וואָלט פאַמעליך אָנגעקלאַפּט אין פענסטער מיט׳ן פינגער און וואָלט שטיל געזאָגט:

„איך, שלמה, בין געקומען״...

דערווייל האָט זיך אָבגעטומעלט מיט זיי אַ וואָך צייט און עס איז געוועזען פרעהליך. איצט איז אומעטיג, און איין גאָט ווייס, ווען מיר וועלען זיך אַמאָל זעהן. טייערע האַרציגע חוה׳לע, שרייב מיר באַלד אָן אַ בריוועלע, אַ גוט בריוועלע, וואָס זאָל מיך דערפרעהען און דערפרישען. תיכף, חוה׳לע, שרייב. מיט וועמען אָבצושיקען וועסטו האָבען. זעליג פאָהרט קיין ווילנאָ.

פון מיר שלמה׳לע.

נעכטען איז געקומען פון וויען מנשה דעם גביר׳ס. ער האָט מיר געגעבען אַ ביכעל צום לייענען, און דאָרט האָב איך אין דער-שטיל אַרויסגעלייענט, אַז סאַטורן איז די זעקסטע פּלאַנעט, וואָס דרעהט זיך אַרום דער זון און האָט אַכט לבנות.

---

# ה.

## פון אוזדאָוועקע קיין ווילנאָ.

יום ד׳, סוף תמוז, שנת תר״ו...

צו מיין טייערער און האַרציגער חוה׳לען!

דיין בריוועלע האָב איך ריכטיג ערהאַלטען, און איך וועל דיר זאָגען, אַז איך האָב געוויינט. איך האָב געוויינט דערויף, וואָס דיר איז אומעטיג און וואָס דיר רייסט דאָס האַרץ און וואָס דו בענקסט נאָך מיר און וואָס דו קענסט אויך נישט שלאָ-פען בייננאַכט אַזוי ווי איך. אָבער איך קאָן לערנען, און אַז מיר ווערט שווער, טראַכט איך וועגען דיר און לערן בעת-מעשה מיט אַ שענעם נגון, און דאָס טרייסט מיך און לינדערט מיין צער.

וואָס זאָל איך דיר שרייבען? דער טאַטע פאָהרט מאָרגען קיין ווילנאָ, און ביי אונז טומעלט זיך עפּיס אין שטוב. אַז דו וועסט זעהן דעם טאַטען, זאָלסטו למען-השם שווייגען און זיך מאַכען נישט וויסענדיג. פאַרוואָס דערמאָהן איך דיר דאָס — ווייל איך וויים, אַז דו ביזט אַ מאָדנע, אַ הייסע, און קאָנסט אַמאָל טהאָן אַ זאַך גלייך, האַסטיג, נישט געקלערט. און פאַר׳ן טאַטען, זאָל לעבען, האָב איך מורא. וואָס עס טהוט זיך ביי אונז אין שטוב, פערשטעה איך נישט אַקוראַט. נעכטען האָט מיך פלוצלונג דער טאַטע, זאָל לעבען, אַ פרעג געטהאָן, וואו האַלט איך אין דער גמרא חולין, און פאַרנאַכט איז געקומען ר׳ שמחה׳לע. האָט די מאַמע געמאַכט טיי, געלעגט אַ סערוועט אויפ׳ן טיש און ר׳ שמחה׳לע האָט מיך צוגערופען און געעפענט אַ גמרא און געפרעגט מיך אַ קשיא פון דער גמרא. און אַז איך האָב שנעל פערענטפערט די קשיא, וואָס איז געווען דוקא אַ האַרבע, האָט זיך ר׳ שמחה׳לע צוהוסט פון תענוג און מיט

פערגלאָנצטע אויגען געשאָקעלט דעם קאָפּ צו דעם טאַטען מיט דער מאַמע׳ן:

„פאַרהאַן... ער האָט... ער צאָהלט"...

דאָס הייסט, אַז איך קאָן, אַז איך האָב תּורה, און ער האָט מיך מיט אַלטע ציטערדיגע הענד צוגעדריקט צו זיין אַלטען האַרצען. דערנאָך האָט מען ר׳ שמחה׳לען מכבד געווען מיט אַ קעלישעק בראָנפען און מיט לעקעך און דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבען זיך גע׳סוד׳עט און איך האָב געהערט ווי דער טאַטע האָט געפרעגט דער מאַמע׳ן, וויפיעל אַרשין דראַפּ זאָל ער מיר נעהמען אויף אַנ׳אַנצוג. און ביי מיר האָבען זיך צו-פלאַקערט די באַקען און אין די שלייפען האָט געדריקט און דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז עס שמעקט עפּיס מיט נייעס. איך ווייס אָבער נישט, צי מיט גוטע נייעס. צו וואָס דאַרף איך פּלוצלונג אַנ׳אַנצוג? און וואָס טהוט דאָ ר׳ שמחה׳לע, מיין גע-וועזענער רבּי, דער גרויסער למדן, און וואָס קוועלט ער אַזוי און שאָקעלט אַלע ווייילע מיט׳ן קאָפּ:

„פאַרהאַן... ער האָט"...

און אַז דער טאַטע איז אַוועקגעפאָהרען, האָב איך מיך אָבגעריסען פון דער גמרא, בין אַרויס אין דרויסען, און עס איז געווען נאַכט. אַ שטילע, אַ ריינע, מיט וואַרימע ווינדטעלעך. און איך בין אַזוי אַרומגעגאַנגען אין דרויסען און געגאַנגען און געגאַנגען, ביז איך בין ווידער געקומען צו דער ראָגאַטקע. די דאָזיגע ראָגאַטקע קאָן איך קיינמאָל נישט אויסמיידען. האָב איך מיר דערמאָהנט, ווי דו ביזט אַוועקגעפאָהרען, ווי דו ביזט גע-זעסען ווי אַ בת-מלכה אויפ׳ן וואָגען, ווי עס איז פערגאַנגען די זון הינטער׳ן גראַפ׳ס וואַלד און די זון-רויטקייט האָט געפלאַטערט ביי דיר אויפ׳ן פּנים און אין די האָהר און ווי דו האָסט זיך פאַמעליך דערווייטערט פון מיר. חוה׳לע! וואָס וואָלט איך נישט אָבגעגעבען, ווען פון הימעל וואָלט זיך אַראָבגעלאָזט אַ האַנד און וואָלט מיך איבערגעטראָגען צו דיר, אין אַ קליינעם ריינעם שטי-בעלע, און דו וואָלסט געווען אַ יונגע בעל-הבית׳טעטשקע און איך וואָלט געווען דער מאַן און וואָלט געלערנט, און אין קאַמאָד

וואָלט געלעגען מיין טלית און תפילין און אין דער שאַפע גמרות און אויף דער פאָליצע דיינע לייכטער מיט קופערנע פאַנען, און דו וואָלסט פאַר אונז ביידען געקאָכט אין אויוועו און פרייטאָג-צו-נאַכט וואָלט ביי אונז געווען היימליך, און דער טיש וואָלט זיין אַ ווייס-געדעקטער און איך וואָלט געזונגען שלום-עליכם און ברענענדיגע ליכט אין די לייכטער, און שטראַהלען אויף די ווייסע צוגעבעטע בעטען, און די שכינה רוהט אויף אונז ביידען און אַ רחבות שטראַהלט אַרויס פון אַלע ווינקעלעך, און מיר געהען דערנאָך שפּאַצירען, און אין דרויסען איז אַ מחיה׳דיגע נאַכט און דער הימעל איז אַ בלויער און די שטערענדלעך זענען גאָלדענע און די לבנה איז אַ העלע, אַ קלאָרע, און דו טראָגסט אַ לייכט טוך אויף די אַקסלען און איך האַלט דיך אונטער׳ן אָרעם און אונז ביידען איז אַזוי מחיה׳דיג-זיס, אַזוי האַרציג-גוט, אַזוי געטריי-נאָהענט, און מיר טוליען זיך איינע צו די אַנדערע און מיר שעפּטשען שטיל, שטיל, קוים אַ וואָרט צו הערען, אַזוי שטיל, ווי דער שאָרך פון אונזערע קליידער, אין דרויסען, פאַר דער לבנה, פאַר׳ן שטיבעלע, פאַר די פענסטערלעך, וואו די שבת-ליכט ברענען — ביז ... סאַמע בעגינען.

און ווי איך טראַכט אַזוי מיין זיס טראַכטען ביי דער ראָגאַטקע, דערזעה איך פּלוצלונג, ווי עס פאָהרט-אָן אַ פוהר מיט אַ בויד און עמיצער רופט מיך ביים נאָמען און פרעגט מיך:

„וואָס חלומ׳סטו?”

ערשט דאָס איז געווען זעליג דער בעל-עגלה. ער איז אַראָב פון וואָגען, אַ וואונק געטהאָן מיר און דערלאַנגט דיין בריוועלע, און אַז איך האָב עס גענומען אין האַנד, האָט זיך אין מיר דערוואַרימט דאָס בלוט, ווי איך וואָלט זיך געשטעלט אַנטקעגען דער זון און איך בין אַוועקגעלאָפען אַהיים. און אין דערהיים האָב איך איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל איבערגעלייענט דיין בריוועלע און האָב זיך טיעף אַריינגעקוקט אין דיינע געדרעהטע אותיות׳לעך און אויפ׳ן שוואַרצען טינט און אויפ׳ן ווייסען פּאַפּיר, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו זעהסט ווי איך האַלט עס, אַז דו פיהלסט מיין תענוג מיט מיין פריידי-

גער ציטערניש, אַז דו הערסט ווי מיין האַרץ קלאַפּט. און מיין תענוג איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז איך בין אַוועק אין בית-מדרש און מיט נחת דעם פּרוש אָבגעלערנט אַ גאַנצע נאַכט פאַר אַ ליכט און געבעטען גאָט, אַז די מצוה פון לערנען, וואָס איך האָב געלערנט, זאָל זיין אינגאַנצען פאַר דיר. ווען מען וואָלט עס געמעגט טהאָן — וואָלט איך דיר אַוועקגעשענקט אַלע מיינע מצוות.

ווייס-זשע, חוה'לע, ווי דו ביזט מיר טייער און ענטפער מיר באַלד אַנ'ענטפער. מיט'ן טאַטען זאָלסטו שווייגען, וואָרום ער איז אַ בייזער און טאָר גאָרנישט וויסען.

חוה'לע, זיי געזונד. פון מיר
שלמה'לע.

---

ו.

## פון אוזדאָווקע קיין ווילנאָ.

יום א', אלול, שנת תר"ז...

טייערע און ליעבע חוה'לע!

איך שרייב דיר, חוה'לע, צום לעצטען מאָל, און מיר ציטערט די האַנד. און זיי מיר מוחל מיין וואָרט, וואָס איך האָב דיר געגעבען. אַנ'אומגליק איז געשעהן אָדער אַזוי איז בעשערט פון גאָט. אויב דו וועסט מיר מוחל זיין, וועסטו מיך פערשטעהן און וועסט שוין אַליין אייינזעהן, אַז איך בין נישט שולדיג; אויב אָבער דו וועסט מיר נישט מוחל זיין, איז אומזיסט מיין שרייבען, וואָס איך שרייב מיט ציטערדיגע הענד, און איך וועל זיך אַ גאַנץ לעבען פייניגען דערפון, וואָס דו ביזט

מיר נישט מוחל. איין גאָט ווייס, ווי דו ביזט מיר איינגעבאַ-קען אין האַרצען און ווי איך קאָן דיך נישט פערגעסען.

איך האָב דיר אַגוסטען געשריבען, אַז פון דעם דראַפּ, וואָס דער טאַטע האָט מיר אין ווילנאָ געגומען אויף אַנ׳אַנצוג, וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען. און אַזוי איז טאַקי געשעהן. באַלד ווי דער טאַטע איז געקומען פון ווילנאָ, האָט זיך אָנגעהויבען רודערן ביי אונז אין שטוב, די מאַמע האָט זיך רק געסוד׳עט מיט׳ן טאַטען, און איינמאָל איז געקומען ירחמיאל דער מיהלנער מיט טעוויע דעם שמש און האָבען זיך פערשפּאַרט מיט׳ן טאַטען אין קאַמער. און נאָכדעם, אין עטליכע טעג אַרום, אַז מיין אַנצוג איז פאַרטיג געוואָרען, האָט מיך דער טאַטע געהייסען איינוואַשען זיך, אָנטהאָן די נייע קליידער, און פאַר האַלבען טאָג זענען מיר אַרויסגעפאָהרען, איך און דער טאַטע און די מאַמע, א׳ן בענדעט׳ס פוהר, קיין מעדוועדיעווקע, צו ירחמיאל׳ן. אויפ׳ן וועג האָבען מיר זיך אָנגעטראָפען מיט נאָך אַ פוהר און אין יענער פוהר אין געזעסען דער רב ר׳ זיסעלע און ר׳ שמחה׳לע און ר׳ חייקעל דער דין. און איך האָב באַלד פערשטאַנען מיין צרה. נאָר פונדעסטוועגען, בעת דער טאַטע האָט פון אונזער פוהר צוגעוואָרפען אַ פּאָר ווערטער צו יענער פוהר, האָב איך זיך געמאַכט נישט וויסענדיג און שטילערהייד אַ פרעג געטהאָן דער מאַמע׳ן:

„ווייסט נישט? — האָט געזאָגט די מאַמע, — צו ירחמיאל׳ן פאָהרען מיר, זוהן מיינער... אַ כלה פאַר דיר”...

און מיר האָט מיט אַמאָל פערקלעמט דאָס האַרץ און איך האָב בעהאַלטען די פייכטקייט פון מיינע אויגען, וואָס זענען פייכט געוואָרען. און אַז איך האָב דערזעהן ירחמיאל׳ס ברייטע שטוב מיט דער רוישיגער מיהל, מיט׳ן לויפיגען טייך, מיט די לאַנגע שייערן און מיט די ברייטע צייטיגע פעלדער קאָרן און מיט דער שורה פויערשע פוהרלעך, וואָס האָט זיך געצויגען ביי דער טהיר פון דער ווייסער מעהליגער מיהל, — האָט זיך מיר געוואָלט צעוויינען אויפ׳ן קול, ווי אַ יתום אויף דער לויה פון זיין מאַמע׳ן. נאָר איך האָב מיך איינגעהאַלטען און מיט אַלע

כחות אַראָבּגעשלונגען די טרעהרען פון האַלז און רוהיג, צוגלייך מיט אַלעמען, אַריינגעגאַנגען אין שטוב צו ירחמיאל'ן. און דאָרט איז שוין געשטאַנען אַ געדעקטער טיש און די פּאַדלאָגע צוואַ-שען און די פענסטער צווישט, און ירחמיאל איז אָנגעקומען אַנטקעגען מיט דער ברייטער באָרד און מיט די ברילען אויף דער נאָז און מיט דער יאַרמאָלקע אויפ'ן שפּיץ קאָפּ, אין אַ לאַנגער שוואַרצער זיידענער קאַפּאָטע, פונאַנדערגעשפּיליעט, מיט אַ גאָלדענער קייט אויפ'ן האַרצען, און הינטער איהם דאָס ווייב זיינס מיט אַ גראָבען שנור פּעריל אויפ'ן האַלז, און הינטער איהר דער זוהן זייערער, ברוך, מיט געדרעהטע שוואַרצע פּאות'ן און מיט אַ ווייסען פּנים ווי מילך, און הינטער איהם דער צווייטער זוהן, אַבּא, וואָס שניידט זיך אויף אַ וואַלד-סוחר, מיט רויטע הענד און געלע וואָנסען, און הינטער איהם... רבקה'לע מיט אַנ'אַראָבּגעלאָזטען קאָפּ און מיט ווייכע שטילע טריט.

רבקה'לען האָב איך נאָר איין מאָל געזעהן אין אוזדאָוו-קע, און מיין האַרץ האָט קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז גאָט וועט זי מיר בּעשערען פאַר אַ כּלה. האָב איך אויך אַראָבּגעלאָזט דאָס פּנים, און איך האָב געפיהלט, ווי עס פלאַמען מיר די באַקען. און אין אַ ווײַלע אַרום זענען שוין אַלע געזעסען ביים טיש, אויסער רבקה'לען, וואָס האָט אומישנע ארויסגעקוקט פון אַ ווייטען פענסטער אין דרויסען אַרויס, און ירחמיאל'ס ווייב האָט צושטעלט פלעשער בראָנפען און טאָרט און ניס און לע-קעכלעך. דערנאָך האָט ר' זיסעלע אויפגעפּעפענט אַ גמרא און אַרויפגעלעגט אויפ'ן שטערן די ברילען און אויפגעהויבען זיין אַלטען ווייסען קאָפּ און זיך הויך אָנגערופען צו מיר:

„הער נאָר, בחור, לאָמיר ריידען וועגען תּורה... מען זאָגט, אַז דו קענסט לערנען".

און ווי אַזוי ער זאָגט עס אַרויס, נעהמט מיך אָן אַ שכינה-ציטער און אַ כּל-נדרי-אימה צוזאַמען מיט אַ שמחת-תּורה-התלהבות, און איך שטעל מיך אויף און טרעט-צו צו ר' זיסע-לע'ן און גיב אַ קוק אין דער גמרא אויף דעם אָרט, וואו ר' זיסעלע האָט אָנגעטייטעלט מיט'ן צוקנייטשטען פינגער און הויב-

אָן זאָגען. און איך הויב-אָן גאָר נישט מיט מיין קול — נאָר מיט אַ פרעמדען און אַ העכערן און אַ ריינערן קול, און דער ענין פליסט מיר פון דער צונג, ווי אַ שטראָם, און איך זעה ווי אַלע זיצען אַרום טיש נשתומם און געפּלעפט, און ביי ר׳ זיסע-לע׳ן זענען פערקאַשערט די ברילען אויפ׳ן שטערן און די גע-דיכטע גרויע ברעמען זענען אויפגעהויבען און געבראָכען און דאָס אַלטע גוטע מויל אָהן צייהן איז ברייט פונאַנדערגעעפענט און ער קוקט אויף מיר מיט גרויסע שטעהענדיגע אויגען. און מיין קול וואַקסט און ווערט נאָך שענער, נאָך ריינער און בע-האַרצטער און איך פערפלאָנטער אַליין דעם ענין און מאַך איהם אַזוי, אַז מען קאָן איהם גאָרנישט פערענטפערן, נאָר תיכף ומיד שפּין איך איהם גרינג פונאַנדער און געה באַלד אַריבער צו אַ צווייטען ענין און זאָג ווייטער און ווייטער. און מודה בין איך זיך, חוה׳לע, אַז איך האָב באַלד פערשטאַנען פון וואַנען עס נעהמט זיך צו מיר דער כח: מיט אַ ווינקעל אויג האָב איך גע-זעהן רבקה׳לען, ווי זי שטעהט פאַר׳ן פענסטער און ווי זי קוקט אין דרויסען אַרויס און ווי דער שווערער גאָלדענער צאָפּ איהרער בעוועגט זיך איהר לייכט אויפ׳ן פּלייצע. אָבער איך האָב זי נישט אָנגענומען פאַר רבקה׳לען, נאָר פאַר חוה׳לען, וואָס איז אַוועקגעפאָהרען פון אוזדאָוויקע מיט יואל בעל-עגלה און וואָס איז געזעסען אויפ׳ן וואָגען, ווי אַ בת-מלכה און וואָס די רויטע זון האָט געפּלאַטערט ביי איהר אויפ׳ן געזיכט. און איך זאָג און איך טראַכט: חוה׳לע, הער, איך קאָן. חוה׳לע, הער, איך קאָן. און וואָס שענער איך זאָג, אַלץ מעהר רייד איך מיט דיר אין דמיון, און באַלד דאַכט זיך מיר, אַז קיינער איז אַרום אונז נישטאָ, נאָר איך און דו, און אַ דופטיגע און אַ בעשמעק-טע שטעהסטו נעבען מיר און ריהרסט מיר אָן ביי דער האַנד.

„פאַרהאַן!..— האָט פּלוצלונג אויסגעפּלאַצט ר׳ שמחה׳לע און האָט אַרויפגעוואָרפען די הענד אויפ׳ן טיש און מיך איבערגעריי-סען אין מיטען, — ר׳ זיסעלע, פאַרהאַן!.. ער צאָהלט, דער בחור, ער צאָהלט... וואָס זאָגט איהר, האַ?״

און ר׳ זיסעלע טהוט זיך אַ ריס פון אָרט און האַפּט מיך

אָן ביים אָרעם און צושאָקעלט זיך, ווי אַנ׳אַלטער בוים פון ווינד:

„דער יונג איז אַ פלא... אַ פלא, זאָג איך".

און איך זעה ווי רבקה׳לע געהט-אָב פון פענסטער און שטעלט זיך אַנידער אַנטקעגען מיר און קוקט מיך אָן מיט אַ פּאָר בלויע אויגען — גרויסע און קושענדיגע און האַרציגע. און קייקעלעך קעלט בעריהרען מיין לייב, און מיר דאַכט זיך ווי־דער, אַז דאָס ביזטו און איך קאָן זיך שוין נישט איינשטילען און איך רייס מיך עטוואָס אָב פון ר׳ זיסעלע׳ן און גיב אַ פרעג הויך און קלאָר:

„זאָל איך זאָגען ווייטער?"

„ניין, מיין קינד! — ציהט אויס ר׳ זיסעלע די הענד. — דיין צונג איז צו-זיס און דיין לערנען איז ווי ווייַן. דוד המלך האָט אַזוי תהלים געזונגען. געגוג וועט זיין דאָסמאָל. דו קענסט אונז פער׳שכור׳ן"...

און ער זעצט מיך אַוועק אויפ׳ן שטוהל און פּאַכט איבער מיין פנים מיט זיין רויטען טיכעל. וואָס ווייטער איז געוועזן — קאָנסטו שוין פערשטעהן. די מאַמע האָט זיך צעוויינט און דער טאַטע האָט געצויגען די באָרד און געריבען אַ האַנד אָן אַ האַנד און געשמייכעלט צו יעדערן און נישט געהערט, וואָס מען רעדט צו איהם.

און אין דרויסען ווערט שוין פאַרנאַכטליך, און רויטע שטראַהלען שווינקען זיך אין די ווייסע פלעשלעך משקה, וואָס שטעהען אויפ׳ן טיש און אַלע געניסען פונ׳ם כבוד און קוקען אויף מיר און ריידען וועגען מיר, און איך זעה ווי די מאַמע וואָס זיצט ווייטליך פון מיר, וויל מיך פון דאָרטען קושען, און פלוצלונג זאָגט דער טאַטע צו אַלעמען, נאָר מיט׳ן פנים צו ר׳ זיסעלע׳ן:

„הערט איהר, איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז איך האָב אַזאַ זוהן... זאָל ער אַרויס פּאַר׳ן שטוב מיט רבקה׳לען, ניש־קשה... אַזאַ מעג זעהן, וואָס ער נעהמט"...

„מאַ, מאַ, מהיכי-תיתי"...— שאָקעלט ר׳ זיסעלע מיט׳ן קאָ־

און ירחמיאל הויבט זיך אויף מיט דער קייט אויפ׳ן בויך און זאָגט:

„מסכים, מסכים... איך בעשטעה. מיין טאָכטער מעג האָבען אַזאַ חתן״...

און אָט לאָזט מען מיך אַרויס פון טיש און רבקה׳לע קומט־אָן פון פענסטער און מיר געהען איינציגווייז אין דרויסען אַרויס. און אין דרויסען, חוה׳לע, וועהען מחיה׳דיגע ווינדטעלעך און ס׳ איז אַ ריינער פאַרנאַכט מיט אַ רויטען הימעל און אויפ׳ן טייך ציטערט אַ רויטקייט און די מיהל רוישט און פון ראָד שוימט אַ רויטע שוים, און די ברייטע פעלדער קאָרן ליעגען און שווייגען און די צייטיגע זאַנגען האַלטען די קעפּ אַראָבגעלאָזט און די בלויע בלימעלעך קוקען פון דאָרטען סאַמע אין אויג אַריין, שטיל־שווייגענדיגע, האַרציגע און פערטראַכטע. און איך געה איבער מיט רבקה׳לען דאָס בריקעל און פערנעהם זיך אין די קאָרן אַריין, אויף אַ קליינעם שטעגעלע, און איך פערקוק מיך אויף רבקה׳לען און איך זעה, אַז זי איז אַ גרויסע יפת־תואר, עפּיס אַ רונדע איז זי און אַ צאַרטע און אַנ׳אויסגעגלעטע, און אַ שמייכעל האָט זי, וואָס לייכט ממש ווי אַ ווייסער פלאַם און דער דיקער צאָפּ איהרער לויפט ווי אַ גאָלדענע סטענגע פון קאָפּ צום ברעג קלייד. און מיר דאַכט זיך ווידער, אַז דאָס איז חוה׳לע נישט רבקה׳לע, חוה׳לע נישט רבקה׳לע, חוה׳לע געהט מיט מיר, חוה׳לע שמייכעלט צו מיר, חוה׳לע שעמט זיך און פערבאָרגט דאָס געזיכט און עס הויכט פון איהר דער אָטעם פון די קאָרן־פעלדער.

„חוה׳לע״!.. — זאָג איך ראַפּטום אַרויס און איך פיהל ווי אין מיר צוגיסט זיך דאָס האַרץ.

און רבקה׳לע טהוט אַ טיעפען קוק אויף מיר און פרעגט:

„וואָסער חוה׳לע? רבקה׳לע הייס איך״...

און אָט געהט זי מיט מיר אַזוי נאָהענט, אַז איך הער ווי עס קלאַפּט איהר דאָס האַרץ און מיר ווערט קאַלט אין די פינגער און הייס אין די שלייפען.

„חוה׳לע... רבקה׳לע... — זאָג איך — קוק אויף מיר עטוואָס״.

און רבקה׳לע הויבט-אויף די אויגען און קוקט מיך זוין מיט אַ צוגאָסענעם שמייכעל און איך פערגעס מיך וואוהין איך געה, און וואו איך געה און עס טראָגט מיך אַנ׳אומבעקאַנטער כח, ווי אַ וואסער אַ שטרויעלע. און אַז מיר קומען צו אַ הויכע סאָסנע, וואָס שטייגט איינע אַליין אַרויס פון קאָרן-פעלד, אַ העלפט מיט רויטען ליכט בעגאָסען און אַ העלפט אין שאָטען, טהוט זיך רבקה׳לע אַ דרעה אויס און בעקוקט מיך אַ ווייל מיט איהרע קושענדיגע אויגען און זאָגט אויף דער-גיך און שטיל:

„קום צוריק. באַלד פאַלט-צו דער אָוועגד״..

און באַלד געהען מיר צוריק און עס טהוט מיר באַנג און לייד, וואָס פון ווייטען, פערטונקט אין גרינס, שווימט צו אונז און געגעהנט זיך דער שפיץ דאַך פון ירחמיאל׳ס הויז. און אָט זענען מיר ווידער אויפ׳ן בריקעלע, און די מיהל רוישט און פונ׳ם ראָד שפּרינגט דער שוים און איבער די שווייגענדיגע קאָרן-פעלדער ציהען זיך גרינע קיהלע שאָטענס. און אַז מיר קומען א״ן שטוב אַריין, איז מען זיך דאָרטען שוין מכין אָוועק-צופאָהרען, און איך זעה ווי ירחמיאל געהט אַרום מיט דער יאַרמאָלקע אויפ׳ן קאָפּ און גלעט דאָס גראָבע גאָלדענע קייטעלע פון זייגעריל און אַלע ווייל זאָגט ער אַרויס מיט אַנ׳ערנס-טען פנים:

„דאָס יאָ: אויביגע קעסט ... עס פעלט קיין עין-הרע גאָרנישט״...

און אַז די מאַמע דערזעהט מיך, לויפט זי תיכף צו צו מיר, און נעהמט מיך אָן פאַר׳ן האַנד און פרעגט:

„געפעלען״?..

„יאָ״... — שטאַמעל איך אַרויס און מיר שווינדעלט דער קאָפּ.

און אָט פאַלט-צו דער אָוועגד, אַ בלויער און אַ שטילער, און מיר צוזעגענען זיך מיט אַלעמען, און ירחמיאל זעצט מיך אַריין אין וואָגען, און איך פיהל ווי זיינע הענד ווילען מיך צודריקען און זיי טהוען דאָס נישט, און נעבען אונזערע פוהרען שטעהט אויסגעשטעלט דאָס גאַנצע געזינד ירחמיאל׳ס און מען

ווינשט איינס דאָס אַנדערע כל-הגוטס, און גאָר איינע אַליין, פון ווייטען, אויפ׳ן גאַניק, שטעהט רבקה׳לע מיט פערלעגטע הענד אויפ׳ן האַרצען און קוקט, און קוקט מיר נאָך. און אין דעם בלויען שיין פון אָוועגד זעה איך איהר אויסגעגלעט געזיכט, איהרע ווייטע שווייגענדיגע בליקען, וואָס ריידען צו מיר, וואָס ציהען מיך און לאָזען מיך נישט אַוועקפאָהרען, און עפּיס אַ פערבענקטקייט וועהעט פון איהר. נאָר די פוהרלעך ריהרען זיך פון אָרט, אונטער ר׳ זיסעלע׳ס וואָגען גיט אַ סקריפּ אַ שטיין, און ר׳ זיסעלע זאָגט:

„פאַמעליך״ ...

און ער ציהט אַריין דעם קאָפּ אין דעם ברייטען קאָלנער פון זיין זומערדיגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, און די הענד אין די ברייטע אַרבעל פערלעגט ער, און פערקוקט זיך מיט זיינע גרויסע ברעמען אויפ׳ן בלויען רוהיגען הימעל.

און אַז מיר פאָהרען-אָב אַ העלפט וועג, דערמאָהן איך זיך, אַז איך בין פער׳קנס׳ט מיט רבקה׳לען און נישט מיט חוה׳לען און מיר פערגלוסט זיך פלוצלונג ווייגען אויף דיינע שוואַרצע אויגען, אויף דיין ליעבשאַפט צו מיר און אויף מיין וואָרט, וואָס איך האָב דיר געגעבען. דו ביזט אין ווילנאָ, טראַכט איך, אַנ׳אומעטיגע, נאָר דאָס האַרץ איז דאָך אַ זייגער, מוז עס דיר אודאי זאָגען, וואָס מיט מיר איז היינט פערלאָפען, און גאָט וויים, וואָס פאַר אַ יסורים דו האָסט. און פאַרוואָס האָב איך דאָס נישט געקאָנט זאָגען, אַז איך וויל נישט דעם שדוך? די מאַמע האָט דאָך מיך אַליין געפרעגט, צי רבקה׳לע איז מיר געפעלען? איך האָב דאָך געקאָנט זאָגען, אַז נישט? נאָר אַפנים, אַז מנשה דעם גביר׳ס איז גערעכט. בשעת ער האָט מיר געגעבען דאָס השכלה-ספר׳ל, האָט ער מיר געזאָגט, אַז פאַר השכלה בין איך צו-ווייך און צו-שוואַך און אַז איך וועל מסתמא זיין אַ רב, איידער אַ דאָקטאָר. ר׳ זיסעלע, ווידער, האָט היינט געזאָגט, אַז פון מיר שניידט זיך אַ גרויסער רב...

און איצט איז מיר, חוה׳לע, אַזוי שווער. וואָרום דיינע יסורים — זענען מיינע יסורים, און דיין צער — מיין צער, און

נאָכאַמאָל: פאַרוואָס האָב איך דיך געלאָזען? און פאַרוואָס בין איך נישט אַנטלאָפען צו דיר אין ווילנאָ, ווי עס האָט געטהאָן אשר דעם רופא׳ס זוהן מיט פויגעלע׳ן? נאָר די גמרא זאָגט... צו וואָס אָבער, חוה׳לע, האַרץ מיינס, די גמרא, צו וואָס די גמרא? אפשר זאָל איך נאָך היינטיגע נאַכט אַנטלויפען? נעהמען פשוט און אַנטלויפען? עס פאָהרט גראָד מיט בהמות אין ווילנאָ, האָב איך געהערט, דער אַלטער סטעפּאַן. אַ גוי — וואָלט ער מיך מיטגענומען. סיי-ווי-סיי ווייס ער גאָרנישט, און איך וואָלט איהם אָבגענאַרט. אַרויסגעהן צוועלף אַ זייגער ביינאַכט צום ראָגאַטקע, אַנידערזעצען זיך ביי איהם אין גרויסען וואָגען היי און אַוועקפאָהרען. לאָזען טאַטען-מאַמען, לאָזען די היים, לאָזען אַלץ. ווארום סיי-ווי שטעהסטו מיר פאַר די אויגען, סיי-ווי זעה איך דיך אין חלום און סיי-ווי טראַכט איך וועגען דיר כסדר. חוה׳לע!

אָבער... ניין, דאָס איז דער לעצטער בריעף.

שלמה׳לע.






# אַ גרויסע שטאָדט

אין דער גרויסער שטאָדט האָט מען נאָר געקענט פער־דיענען, און נישט מעהר. אָט די טויזענדער מענשען, וואָס האָבען ביי טאָג אָנגעפילט די גאַסען מיט רעש און געפילדער און זענען אויסגעקומען ווי איין צאַפּעלדיגע חיה מיט טויזענדער קעפּ — זענען ביינאַכט געווען אמת׳ע און בעזונדערע מענשען, מיט אַ בעזונדער וועלטיל, מיט אַ בעזונדער לעבען, צו וועלכען ראַבּינאָוויטש האָט זיך בשום אופן נישט געקענט צוקלעבען. זיי, די דאָזיגע מענשען, האָט געמוזט זיין פרעהליך און אינטערע־סאַנט ביינאַכט, ווארום אַ פרעמדען האָבען זיי נישט צוגעלאָזט, זענען געווען אַזוי ווי אַרומגעשלאָסען, בעפעסטיגט, פאָרזיכטיג און אויפעריג, און בעת ראַבּינאָוויטש האָט זיך געדרעגגט צווי־שען זיי אויף די לאַנגע בעלויכטענע טראָטואַרען, האָט ער פויל געדרעהט די וואָנסען, מיט עקעל געקוקט אויף די שרייענדיגע שילדען און האָט נישט געהאַט וואו זיך אַהינצוטהון. ביי טאָג

איז געוועזן די שטעלע מיט אַ בעל-הבית מיט אָנגעשטעלטע און מיט קאַסע-ביכער. מען האָט בעדאַרפט שרייבען, אַריינקוקען אין לאַנגע קאַסע-ביכער און הערען ווי דער בעל-הבית דערצעהלט אַלץ איין און דיזעלבע מעשה וועגען דעם, אַז ער קאָן היי-יאָהר נישט פאָהרען היילען זיין ברוסט-פעהלער, און דער טאָג איז אַוועק. נאָר צוזאַמען מיט די שטערען, מיט דעם בלויען הימעל און מיט דער ווייכער נאַכט האָט זיך אָנגעהויבען אַנ׳אומעט, און עס איז אונמעגליך געוועזן צו זיצען אַליין אין צימער. און אַז ער איז אַוועק אין גאַס און אויפ׳ן בלויען הימעל האָבען פרעהליך געטאַנצט אַזוי פיעל פייערלעך, האָט ער געהאַט אַ גע-פיהל, ווי ער וואָלט שטעהן אָהן געלד הינטער׳ן טהיר פון אַ פרעהליך בעלויכטענעם טעאַטער, וואוהין מען לאָזט נישט אַריין אָהן אַ בילעט.

דאָס ביסעל בעקאַנטע זענען געוועזן עטליכע נישט אינטע-רעסאַנטע יונגעלייט — און ציפקע. ציפקע איז געוועזן קליין, שוואַרץ און נישט יונג. אָט דאָס מיידעל האָט געקענט אַ סך, האָט בעזוכט הויכע קורסען, האָט שטענדיג גלענצענד געענ-דיגט איהרע עקזאַמענס, איז געוועזן שטאַרק בעלעזען אין דער דייטשער ליטעראַטור און געטהע׳ן האָט זי געקענט כמעט אויף אויסוועניג. איהר האַרץ איז, אַפנים, געוועזן רוהיג, וואָרום אויף איהר געזיכט איז ווענינ געוועזן קענטיג, אַז זי זאָל האָבען צער דערפון, וואָס זי האָט נישט חתונה, וואָס זי ווערט נישט גע-ליעבט און וואָס זי איז אַ מאוס מיידעל. בעוואוינט האָט זי אַ קליין צימער׳ל ערגיץ אויף אַ ווייטער גאַס און שטענדיג האָט זי געהאַט פרישע ביכער אייפ׳ן טיש, און פון אַ גלאָז וואַסער האָ-בען אַרויסגעשטעקט פערוויאַלעטע בלומען. עס איז געוועזן העכסט מאָדנע און געשמאַקלאָז, וואָס זי פלעגט קויפען בלומען און וואָס זי פלעגט זיי לאָזען פערוויאַלען, בעת די ביכער איהרע האָבען שטענדיג אויסגעזעהן פריש און געשמעקט מיט דרוק-פאַרב. דאָס האָט עפּיס וואונדערליך, עפּיס סימבאָליש דערמאָהנט אָן איהר מאָגער און טרוקען לעבען, און אַז ראַבינאָוויטש האָט איהר איינמאָל געזאָגט, אַז זי זאָל נישט קויפען קיין בלומען,

האָט זי איהם נישט פערשטאַנען, און, אַ דריק טהוענדיג מיט די אַקסלען, האָט זי געפרעגט:

— ווי, איהר האָט פיינט בלומען, ראַבינאָוויטש?...

— יאָ, איך האָב פיינט בלומען, — האָט ער מיט פערדרוס געזאָגט.

אין אָט דעם צימער'ל האָט ער קאַליע געמאַכֿט אַ סך שענע אָוועגדען. בעת ער איז געזעסען פאַר איהר טישעל מיט די פרישע ביכֿער און פערוויאַלעטע בלומען, האָט ער מיט'ן גאַנצען בלוט געפיהלט, ווי מען פאָהרט אויף די רייכֿע גאַסען, ווי גאַנצע שטראָמען מענשען גיסען זיך אין די ברייטע ליכֿטיגע טהירען פון די טעאַטערן, ווי פאָרלעך זיצען אין די דונקעלע קיהלע סקווערען, ווי אָט די פאָרלעך שפיעלען זייער געהיים און כשופ'דיג שפיעל און ווי מען שלינגט דורשטיג שטיקער לעבען אונטער דעם שענעם נאַכט-הימעל. און אָט דערפון האָט זיך איהם געוואָלט זיין גראָב צו ציפקע'ן, פערשאַפען איהר קלעמעניש, זאָגען איהר, אַז זי איז שרעקליך נישט אינטערעסאַנט און מיאוס — און אַוועקגעהן. ווער האָט איהם בעקאַנט געמאַכֿט מיט ציפקע'ן? ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט דערמאָהנען, ווער, וואו און ווי אַזוי, פונקט ווי זי וואָלט זיין זיינע אַ שוועסטער, וואָס ער זאָל האָבען זי געדענקען נאָך פון קינדווייז אָן. און עס האָט זיך געדאַכֿט, אַז צוליעב איהר האָט ער קיין בעסערע בעקאַנטע מיידלעך נישט ערוואָרבען. אַז מען האָט אַזאַ מיידעל, איז עס שוין אַ שיקזאַל, אַנ'אָנגע'חתמ'עטע זאַך, אַ גרעניץ און אַ סוף. נאָר ציפקע האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער, וואו זי האָט אודאי געזעהן די טאַנצענדיגע שטערען, די רופענדע נאַכֿט און דעם פער'כשופ'טען הימעל — און מען האָט נישט געקאָנט וויסען, וואָס זי לעבט איבער. עס איז נאָר געווען דייטליך, אַז אין דער ראַם פון דעם אָפענעם פענסטער, אויף דעם בלויען געשטערענטען פאָן פון הימעל, איז אומעטיג און בודנע איינגעפאַסט איהר קליינער שוואַרצער קאָפ מיט אַ האַלבען ביוסט, און עס נעהמט עפיס אָן אַ האַס צו איהר. ווי זוכֿט עס נישט אַ מיידעל אַ בחור? און נאָך אַ מאוס מיידעל! ווי לעזט

עס אַזוי פיעל אַ מיידעל? ווי איז עס גלייכגילטיג אַ מיידעל אין אַזאַ רוישענדער, נערוועאישער, טומעלדיגער גרויס-שטאָדטישער זומער-נאַכט, ווען אַלץ שפרינגט, בעוועגט זיך און איז משוגע? אפילו די שטיינער פון די מויערן זוכען עפּיס אַרום זיך מיט בלינדע שטאַרע אויגען און ציהען זיך צו איינאַנדער, פונקט ווי זיי וואָלטען זיך בעטאַפּען מיט גרויע וואַרימע הענד. נאָר סיי-ווי-סיי האָט זי ראַבינאָוויטש פיינט, און ער שעמט זיך מיט איהר. ער שעמט זיך אפילו צו געהן מיט איהר אין טעאַטער, אין אַנ׳עפענטליכען אָרט, דאָרטען, וואו עס פינקלען עפּטער פאַרביי די שענע גראַציעזע פרויען. ער שעמט זיך מיט איהר פאַר אַט די פרויען און אפילו פאַר די מאַנסביל. זיי קאָנען זי אָננעהמען פאַר זיין געליעבטע, פאַר זיין כלה, וואָס איז שרעק-ליך אונאַנגענעהם. זיין כלה איז אַ הויך, שלאַנק מיידעל מיט גרויסע דונקעלע אויגען. פונקט אַזאַ מיידעל וואוינט געגענאיבער איהם, און אַלע טאָג זעהט ער זי. אַט דאָס איז זיין כלה. און לאַנג און פיינליך פערטראַכט ער זיך פלוצלונג וועגען יענעם מיידעל, וואָס וואוינט געגענאיבער איהם, דערמאָהנט זיך אָן די פאַרבען פון איהרע קליידער, אָן דעם אויסדרוק פון איהרע אוי-גען, ווי אַזוי עס זעהט אויס איהר פריזור און איבער וועלכע גאַסען און וואוהין זי געהט אַלע טאָג. דאָס רוב געהט זי אַוועק פון דערהיים פאַרנאַכט, און מען קאָן אָן דעם רוהיגען גאַנג פערשטעהן, אַז דאָס געהט זי צו אַ חבר׳טע, צו אַ מיידעל און נישט צו אַ בחור. קיין בחור האָט זי נאָך נישט און איהר נשמה בענקט ערשט נאָך איהם.

אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען אַ שפּיגעלע, און בעת ער האָט געטראַכט, האָט ער נישט בעמערקט, אַז ער קוקט אין שפּיגע-לע. איצט האָט פון דאָרט אָבגעשלאָגען אַ יונג פּנים מיט שוואַר-צע וואָנסען, שוואַרצע האָהר און אומעטיגע אויגען. ער האָט זעהר ליעב זיין געזיכט, עס האָט איהם ענטציקט זיין אומעטיג אויג, וואָס בענקט נאָך ליעבע און פרעהליכקייט, און דערפון איז נאָך שטאַרקער געוואָרען דער פערדרוס, וואָס ביי איהם, אַזאַ בחור, מיט אַזאַ ליעב פּנים, געהען די אָוענדען אַוועק אין

גאָרנישט. וואָס האָט ער דאָ צו טהאָן ביי ציפּקען? זי איז לאַנגווייליג, נישט אינטערעסאַנט, און ער האָט זי נישט ליעב. און מיט אַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַריינגעלעגט די הענד אין די הויזענקעשענעס, און, פערדרייסענדיג דעם קאָפּ, האָט ער וואויל-יונגעריש אַרויסגעזאָגט:

— איהר ווייסט, ציפּקע? היינט האָבען זיך אַ פּאָר ער-קלערט אין ליעבע... איך — אַ מיידעל און דאָס מיידעל — מיר... איהר קענט זי נישט? איך וועל אייך זאָגען איהר פאַמיליע...

און, פערקנייטשענדיג דעם שטערן, האָט ער געטראַכט אַ ווײַלע און געזאָגט:

— פיינבערג...

ציפּקע האָט זיך אָבגעקעהרט פון פענסטער, איהר קליין דונקעל פּנימ׳ל האָט אונבעהאָלפען געשמייכעלט, און, אָנבויגענ-דיג ווי אַ טויבע דאָס אויער, האָט זי איבערגעפרעגט:

— ווי, זאָגט איהר, פיינבערג?

— נו, פיינבערג...

עס איז פּלוצלונג געוואָרען שטיל צווישען זיי ביידען, פּונקט ווי מען וואָלט זיי מיט אַמאָל אַראָבגעלאָזט ערגיץ אונ-טער דער ערד אין אַ קעלער, און ביי ציפּקען האָט לייכט אַ צוק געטהון אַנ׳אַקסעל. און באַלד דערויף זענען די אויגען פער-לאָפען געוואָרען מיט אַ פייכטקייט. נישט קיין טרעהרען, נאָר אַ גלאַנציגע פייכטקייט, וואָס איז גאָר ניי געווען פאַר ראַבי-נאָוויטש׳ן.

— ציפּקע, וואָס איז? — האָט ער מיט אַ שטילער אכזריות געפרעגט, — איהר ווילט אפשר וויסען, ווי אַזוי דאָס איז ביי אונז צוגעגאַנגען? איך וועל אייך באַלד דערצעהלען...

און איהם איז בעפאַלען אַ ווילדער און אַ טרוקענער געלעכ-טער, ווי מען וואָלט שיטען אַרבעס אויף אַ גלאַטען טיש.

נאָכדעם האָט ראַבינאָוויטש בעשלאָסען מעהר נישט געהן צו איהר. זאָל נעהמען אַ סוף מיט דעם מיידעל, וואָס מאַכט איהם קאַליע די אָווענדען. נאָר אין אַ וואָך אַרום, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ פינף אָווענדען און אַ פינף נעכט אַרומגעשלעפּט

אָהן אַ ברעקעל זין איבער די גאַסען און סקווערען, וואו עס האָט געדעגענט מיט דאָרשטיגע, פרעמדע און שרייענדיג-אויסגע-פוצטע מאַנסביל און פרויען, וואָס האָבען אויף איהם אָנגעוואָר-פען אַזאַ אומעט, אַז איהם האָט זיך געדאַכט, ער קאָן זיך סמ׳ען — זאָל נאָר זיין סם — איז ער ווידער אַוועק צו ציפקע׳ן. אומקעהרן זיך צוריק צו ציפקע׳ן מיט זיין שטענדיג אומעטיגען אויסדריק איז עפּיס געווען נישט בעקוועם, און שוין הינטער איהר טהיר האָט ער אָנגעטהאָן אַ פרעהליכע מינע אויפ׳ן פּנים, און אַז ער איז אַריין אין צימער, האָט ער מיט אַ וואויל-יונגע-רישער רוגזה אַ וואָרף געטהאָן דעם הוט אויף איהר בעט. נאָר ציפּקע האָט אויסגעזעהן פערטראַכט, בלייך און אָנגעשטרענגט, און אויפ׳ן טיש האָבען דאָסמאָל געפעהלט די שטענדיגע פרי-שע, נאָר-וואָס צושניטענע ביכער.

— איהר ווייסט, וואָס איך האָב מיך געחאַפּט — האָט ציפּ-קע מיט אַ מאָל אַ זאָג געטהאָן און אַן׳אַקסעל האָט איהר געצי-טערט — איך האָב מיך געחאַפּט, אַז איך האָב גע׳פטר׳ט מיין יוגענד... איך וועט עס אפשר אויסקומען מאָדנע, ראַבינאָוויטש, ווילד... נאָר דאָס איז אַזוי. איך האָב עס אַזוי ווי פאַרבייגע-לאָזט... איהר פערשטעהט? איך האָב געמיינט, אַז די יוגענד איז זיך אַ יוגענד און פטר׳ן קען מען זי נישט, וויבאַלד אַז מען לייענט ביכער, — אַז מען קאָן געטהעע׳ן אויף אויסוועניג... גאָט מיינער! צו זעכצעהן יאָהר האָב איך גע׳חזר׳ט געטהעע׳ן, צו זיבעצעהן געטהעע׳ן, צו צוואַנציג יאָהר געטהעע׳ן... וואָס האָב איך מיך צונויפגעפּאָרט מיט געטהעע׳ן? וואָס האָב איך צו טהאָן מיט געטהעע׳ן?

עס איז ווידער געווען אָפען דאָס פענסטער, און אַנטקעגען איז געהאַנגען אַ שטיק בלויער הימעל, ווי אַ זיידענער פאַ-לענדער ליילעך מיט גרויסע ליכטיגע און טאַנצענדיגע שטערען. ערגיץ אויף אַ סקווער האָט אַנ׳אָרקעסטער געשפּיעלט אַ גריל-צענ-דיגען, פרעהליכען, סאָלדאַטסקען מאַרש; אויפ׳ן שטיינערנעם ברוק האָבען אָהן אַנ׳אויפהער געקלאַפּט לייכטע און איילענדיגע דראָזשקעס; ווילעוויי׳ז האָבען געפייפט און געקלונגען טראַמ-

וואַיען און אויטאָמאָבילען; אויף אַ ווייטער גאַס האָבען זיך דייטליך און באַסיג געקריגט שכּורים; יונג און פריש האָט אויף אַ רגע אַ ציטער געטהאָן אַמיידעלשער געלעכטער און דין, ווייט און פערבענקט האָט זיך דערטראָגען דאָס פייפען פון אַ לאָקאָמאָטיוו. אָט די אַלע קלאַנגען, אַריינגיסענדיג זיך אין צימער אַריין, האָבען דערצעהלט, אַז עס איז נאַכט, אַז די גאַסען ווימלען מיט מענשען און אַז די גרויסע שטאָדט איז אָנגעפילט מיט איילענדיגען און שכּור׳ן לעבען, וואָס האָט אַזוי פיינט איינזאַמע און דערשלאָגענע מענשען. און ראַבינאָוויטש האָט זיך עפּיס פאָרזיכטיג אַרומגעקוקט. קיין נייעס איז אייגענטליך נישטאָ: ציפּקע און דאָס אָפענע פענסטער און די נאַכט און דער געשטערענטער הימעל זענען אַלט און גוט בעקאַנט, נאָר דאָך האָט זיך געדאַכט, אַז אין דעם אַלעם איז פאַרהאַן עפּיס אַ טשיקאַווער צומיש, עפּיס אויסטערלישעס, וואָס לאָזט זיך נישט בעגרייפען מיט׳ן שכל. און אָט דאָס צוגעגעבענע מאַכט קלאַפּען דאָס האַרץ און פילט עס אָן מיט אונפערשטענדליכער ערוואַרטונג.

ציפּקע האָט זיך געזעצט ביים פענסטער, מיט׳ן פּנים צו ראַבינאָוויטש׳ן און אויף איהרע בלייכע באַקען האָט געברענט אַ בייזע און אַ וואַרימע רויטקייט. די גרויסע שוואַרצע אויגען זענען גרעסער געוואָרען און האָבען אונרוהיג און פייכט געגלאַנצט, אויפ׳ן שטערן זענען אַראָבגעפאַלען אַ פּאָר לאָקען, וואָס האָבען דאָס פּנים געמאַכט קלוג, יונגער און ציגיינעריש, און ראַבינאָוויטש׳ן האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געדאַכט, אַז ציפּקע איז אייגענטליך גאָרנישט אַזוי מאוס. פאַרהאַן אין איהר עפּיס אַ חן, וואָס ער האָט, קענטיג, ביז אַהער נישט בעמערקט. אויך איז זי איצט מאָדנע געזעסען: זי האָט גאָרנישט בעזאָרגט, אַז דאָס קליידעל זאָל אינגאַנצען פערדעקען די זאָקען, וואָס זי האָט שטענדיג בעזונדערס אָבגעהיט.

— איהר פערשטעהט, וואָס הייסט אָבגעבען אַ יוגענד אויף אַ טויטען פּאָעט, אַ טויטען בוך? — האָט זי זיך פּלוצלונג אַ שאַר געטהאָן נאָהענט צו איהם מיט׳ן שטוהל — אַ יוגענד אויף אַ טויטע זאַך! גאָט מײַנער, מען קאָן דאָך משוגע ווערען, פון זינען זיך

דיהרען! אָפּטמאָל דאַכט מיר, אַז איך האָב פערלוירען אַ טייער אייגענס, אַ גרויס פערמעגען, אַן׳אוצר. נאָר איך מוז דאָס גע-פינען — עס מעג די וועלט אונטערגעהן! אויף צו קאָנען דייטש און פראַנצויזיש און לאַטיין האָט זיך געמעגט ביי מיר געפינען אַזוי פיעל כח און ענערגיע — פאַרוואָס זאָל מיר פעהלען כח צו זוכען מיין פערלוירען אייגענס?... איהר פערשטעהט, ראַבינאָ-וויטש, איך וויל געפינען מיין פערלוירען אייגענס...

ציפקע האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט מיט הייסע ציטרי-גע פינגער אָנגענומען ראַבינאָוויטש׳עס האַנד.

— און למאי זאָל איך פערבאָרגען, — האָט זי זיך היסטעריש בעוועגט מיט דער בייזער רויטקייט אויף די באַקען — איהר זענט מיר געפעלען... איהר זענט מיר שטאַרק געפעלען... איהר זענט מיר זעהר געפעלען... איך... האָב אייך ליעב... איהר הערט? איהר זענט מיין פערלאָרען אייגענס... נאָר... נאָר פאַרוואָס האָב איך געשוויגען ביז אַהער? פאַרוואָס האָב איך אייך אָבגע-געבען עפּיס אַ וויינבערג, אַ פיינבערג... יענע איז שען? ניין, מאוס׳ע פרויען האָבען אויך אַ כח! געוויס. וואָרום גליקליכע פרויען, האָב איך מיר ערשט דערמאָהנט, האָב איך דוקא גע-זעהן צווישען מאוס׳ע. נאָר, ראַבינאָוויטש, וואָס איז מאוסקייט און וואָס איז שענקייט? קאָן גלאַט זיין מאוס אַ מענש מיט אַ נשמה?

און פּלוצלונג איז זי אַ פאַל געטהאָן מיט׳ן פּלייצע צו איהם אויפ׳ן ברוסט, פערדעקענדיג מיט די הענד דאָס פנים. זי האָט אינגאַנצען געציטערט, און געדאַכט האָט זיך, אַז אַלץ האָט אין איהר געשטעמט: די הענד, דער האַלז, דער קאָפּ — געשטעמט אונגעוועהנליך הייס און אונרוהיג, און אויסגעקומען איז זי לייכט, לופטיג און קינדיש, ווי אַ זאַך, וואָס מען קאָן האַלטען און טראָגען אויפ׳ן לאַדאָן.

אין די אָפענע פענסטער האָבען זיך אַלץ געגאָסען די גאַס-קלאַנגען, געדיכט און פול מיט אימפּעט, ווי אַ געוויסער אָרום אַ גרויסען טייך, און גאָר בעזונדער, אַזוי ווי אין אַ זייט, האָט זיך געהערט דאָס דינע פערבענקטע פייפען פון אַ ווייטען לאָקאָ-

מאָטיוו. קענטיג, אַז דאָרטען, ווייט, וואו עס פייפט, געהט אָב אַ צוג, און די מענשען, וואָס זיצען אין די וואַגאָנעס, מוז געוויס די נאַכט טרייבען נאָך ליעבע, נאָך שכור׳ן אונרוהע, נישט נאָך געשעפטען און האַנדעל. און די דאָזיגע מענשען מוזען געוויס קוקען פערגאַפטע דורך די פענסטערלעך אויף די ברייטע פעלדער, וואָס ליעגען פערגאָסען אין ציטריגען בלויען נאַכטליכט און וועקען און ציהען דאָס האַרץ נאָך ליעבע. נאָר אומעטום ווימלען מענשען. זיי זענען דאָרטען, וואו עס פייפט דער צוג, און אויפ׳ן סקווער, וואו דער אָרקעסטער שפּיעלט אַ פרעהליכען סאָלדאַטסקע׳ן מאַרש, און אויף די גאַסען, וואו עס שמייען טראַמוואַיען און אויטאָמאָבילען, און אין די הויכע שטיינערנע מויערן, וואו עס ברענען און לעשען זיך לאָמפּען. און דאָס אַלץ צוזאַמען רייסט עפּיס, זוכט עפּיס, חאַפּט עפּיס, און דער גאַסען-טומעל איז ענהליך צו אַ רשעות׳דיגען אויסגעשריי פון אַ ווילדער בלוט-דורשטיגער חיה, וואָס האָט נאָך דערווייל נישט געפונען אויף וואָס צו מאַכען אַנ׳אָנפאַל. און פאַמעליך, ווי אונגערן, ווי דאָס וואָלט געטהאָן אַ צווייטער, האָט ראַבינאָוויטש ביי זיך אויף די קניה אַרומגענומען ציפּקע׳ן.

— ראַבינאָוויטש... ראַבינאָוויטש?... — האָט דאָס מיידעל מאַכטלאָז מיט האַלב-צוגעמאַכטע אויגען אַרויסגעזאָגט...

פון ציפּקע׳ן איז ראַבינאָוויטש אַוועקגעגאַנגען בעגינען. שוין ווי ער האָט צוגעמאַכט הינטער זיך די טהיר, האָט ער אויסגעשפּיגען, און אַז ער איז אַרויס אין דרויסען, האָט ער פערקרימט דאָס געזיכט. דאָס ווייכע, דאָס זיידענע און דונקעלע, וואָס הייסט נאַכט, וואָס ציערט זיך אין פייערן, אין לבנה און שטערען און וואָס מאַכט די גרויסע שטאָדט פאַנטאַסטיש, ווילד און משוגע, האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעשעפּט פון אונטער די הימלען, און די לאַנגע גאַסען זענען געוועזען אָנגעטרונקען מיט אַ גרינער ליכטיגקייט, וואָס האָט פערשפּראָכען אַ טאָג מיט נייעם געערויש און טומעל, מיט אָפענע קראָמען און האַנדעל, מיט אַ בעל-הבית און אַ שטעלע. און געהענדיג אין דער דאָזיגער גרינער ליכטיגקייט, האָט ראַבינאָוויטש זיך געפיהלט דער-

שלאָגען, מאוס און ליגנעריש, ליגנעריש אינגאַנצען, מיט יעדען טראָפּעלע בלוט. עס האָט געעקעלט פון די פערטראַכטע הימלען און פון די גרין בעלויכטענע גאַסען און פון די שווייגענדיגע מויערן, וואָס קאָנען אַזוי פערבעהאַלטען אַ מאוס׳ען סוד, און פון די נישט איינגעוואַשענע פערשלאָפענע סטרוזשעס, וואָס האָבען געריינינגט די גאַס, און איבערהויפּט פון זיך: פון די הענד, פון דעם אייגענעם אָטעם, פון דעם וואַקלענדיגען געהן אַהיים. נאָך וואָס אַהיים? און נאָך וואָס ווערט טאָג? דאָס איז געווען די ערשטע פאַלשע נאַכט, מיט וועלכער די גרויסע שטאָדט האָט איהם מכבד געווען. דאָס נאָר-וואָס איבערגעלעבטע האָט גע-פּרעסט דאָס האַרץ, ווי אַ קאַלטער שטיין וואָלט דערויף געלע-גען, אין מויל האָט געאיבעלט, ווי נאָך אַ שלעכטער ביטערער רפואה, און, געהענדיג אַלץ אין דער גרינער גנבי׳שער ליכטיג-קייט פון בעגינען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז נאָר צוויי ווע-גען זענען פאַרהאַן: סם, פשוט׳ער סם, אָדער ווערען צוריק עפּיס אַ קליין קינד, זיצען ביי דער מאַמע׳ן אויפ׳ן ווייכען זי-בערן שויס און נאָכאַנאַנד און מאָנאָטאָנע בעטען:

— מאַמע, אַ דוטע זאַך... אַ דוטע זאַך דיב...
וואָס עס קאָן קיינמאָל נישט געשעהן.

# ליטאָ.

אָנצינדען פייער? איך פּאָלג אייך. נאָר וואַרט. צו וואָס דעם שרייענדיגען גאַז, וואָס בלענדט די אויגען און לאָזט נישט הלום׳ען? איצט איז בין-השמשות, אַ סאַמעטענע דונקעלקייט גלעט די וועגד, און פון הימעל ציהט זיך לאַנגזאַם אַוועק דער טאָג, ווי נאָך אַ באַל אַ גרויסער אָרקעסטער מיט מעשענע כּלים אויף די אַקסלען. די סאַמעטענע דונקעלקייט ווערט נאָך ווייכער, נאָך גלעטענדער און נעהנטער, און אויפ׳ן ווייסען סערוועט פון טיש בעוועגט זיך שטיל איהרער אַ פליגעל און סוד׳עט עפּיס אַריין אין דער ווייסקייט...

ווילט איהר נישט קיין פייער? איך וועל זיך זעצען ביים פענסטער און איהר נעבען מיר. מען דאַרף נישט גאָר נאָהענט קוקט. דאָרטען שטעכען קלויסטער-שפּיצען דעם ווייכען אָוועגד-טול, און דעכער הויבען זיך און דעכער פאַלען. העכער נידעריגער, נאָך העכער, גאָר הויך, און פלוצלונג אַזוי קליין.

ווי אַ קינד נעבען אַ טאַטען. און דאָ גאָר אַ בוים. אָבגעזונדערט אַליין, מעלַטיג, מיט געהויבענע צווייגען צום הימעל. די צווייגען זעהט איהר נישט, נאָר איהר פיהלט, אַז זיי זענען געהויבען צום הימעל. און ווידער: דעכער. הויך, נידעריג, נידעריגער, גאָר הויך.

עס איז גוט צו זיצען ביים פענסטער נאָך אַ הייסען, אַ לאַנגען און אַ רוישיגען טאָג. אויפ'ן רוהיגען, מידען און פערטראַכטען פאָן פון הימעל ווערט פערשטיינערט די גרויסע שטאָדט, געגאַרטעלט מיט טויזענדער שטריק פון פייערן, און פון אַלע עקען קומען קלאַנגען, וואָס קרייצען זיך, שלאָגען זיך אָן, ברעכען זיך איבער, ציטערן, פאַלען, אָדער הויבען זיך לאַנגזאַם אַרויף צום הימעל. עס איז גוט צו הערען די שפראַך פון די דאָזיגע קלאַנגען. אַנדערע דערצעהלען פון שווערער אַרבייט, אַנדערע — פון פרייער לוסטיגקייט, אַנדערע — פון רוישיגער שכרות און מאַנכע — שטילע, דינע, האַרציגע — פון ליעבע...

איהר הערט? עמיץ לאַכט אין דרויסען. אַ מיידעל לאַכט. פון איהר געלעכטער שפריצט מיט זילבער און מיט יוגענד-גליק. זי געהט אַודאי נישט אַליין. ווער געהט מיט איהר? פאַרוואָס שווייגט איהר? איהר זענט בלייך. אייך איז אומעטיג? קינד, מיר זענען אין אַ פרעמדער פראָווינץ. אַנ'אַנדער הימעל שפרייט זיך אויבען, און פרעמד איז אונז די ערד. אויף אָט דער ערד וואַקסט נישט אונזער היכע, שטילע און פערטרויערטע סאָסנע, וואָס פאַסט זיך אַזוי צום צאַרטען מעלאַנכאָלישען ליטווישען פאַרנאַכט, ווי דער דונקעלער לאַנגער צאָפּ צו דעם יונגען נאַאיווען, בלאַסען און שטיל-פערבענקטען מיידעל. און דעם הימעל פעלט עטוואָס אומעט...

אַנדערע מענשען בעגעגענען מיר אין גאַס — פרעמדע, קאַלטע, שטייפע: צו-שען געקליידט, צו-גאַלאַנט דער גאַנג, צו-האַרט דער קוק. און די יודען, וואָס טראָגען לאַנגע געדיכטע בערד, לאַנגע מאַנטלען און קליינע היטעלעך אויפ'ן קאָפּ, קוקען אונז אָן מיט חשד, ווי צוויי ווילד-פרעמדע מענשען, גלייך אין קרעפּטען, טרעפען זיך אָן אין אַ שמאָלען געסיל. ניין, איינער

איז שטאַרקער: דאָס קליינע היטעלע. שענע גראַציעזע טעכטער האָט דאָס קליינע היטעלע, נאָר די טעכטער האָבען צופיעל ליעב שענע שיך און צו-קאַלט איז ביי זיי דאָס אויג. טיילמאָל אין אָוועגד, ווען איבער'ן הימעל צושפרייטען זיך די ווייכע דונקעלע פליגלען פון נאַכט און איבער די לאַנגע גאַסען לוי-פען גאָלדענע סטענגעס פון פייערן, וואָלט איך וועלען איינע אַזאַ אָבשטעלען. אָבשטעלען, אין אויג אַריינקוקען, די האַנד דערלאַנגען: דאָס איז אַ יודישע טאָכטער. די פריזור, דאָס שענע היטעלע, דאָס דינע הענדטיל מיט'ן שירמ'ל, דער ריטמישער טראָט — אַלץ רעדט פון גרויסען געשמאַק, פון טיעפען רייץ. נישטאָ דאָס ביי אונזערע. איך וועל זי אָבשטעלען. וואָס וועל איך איהר זאָגען? די האַנד נאָר אַ דריק טהאָן. אָדיער יאָ זאָגען:

— איך בין אַ ווייטער, אַ פרעמדער פון דאַנען. איך בין אַ יוד. ערלויבט מיר אַ קוק טהאָן אויף אייך: איהר זענט שען. איהר זענט וואונדערליך שען. איהר זענט אונגעהויער שען.

אָבער איך טהו עס נישט און וועל עס נישט טהאָן. איך האָב מורא: טאָמער איז זי נישט קיין יודישע טאָכטער...

נאָר וואָס זענט איהר אומעטיג, קינד? איהר האָט שענע הענד. אויף די ווייסע דינע פינגער שאָטענט זיך דער אָוועגד און צו די ווינקלען פון אייערע אויגען טוליעט זיך אַ זיידענע דונקעלקייט. דער ראָזער טאָן פון די ליפען ראַנגעלט זיך מיט'ן בין-השמשות און אָט לייכטען אויף די אויבערשטע ציינען, ווי נאַכט-שנייעלעך פאַר אַ ליכטיגען פענסטער. איהר שמייכעלט, קינד? אַנ'אומעטיג פייערל שפּיעלט אייך אין די שוואַרצלען. איהר ווייסט וואָס? איך וועל זיצען אַ שווייגענדיגער ביים פענס-טער און וועל טראַכטען, אַז איך בין שטערבליך פערליעבט אין אייך, נאָר איהר האָט ליעב אַ צווייטען... דער דאָזיגער צווייטער, אַ שענער, אַ געשיקטער און אַ גערעאָטענער, וואוינט ערגעץ ווייט און אייער אומעטיגע מחשבה זוכט איהם אין די ווייטע מרחקים פון דער וועלט, חאָטש איהר זיצט ביי מיר אין צימער... דאָס וועט מיר אָנגיסען מיט בענקעניש, און אָנריהרענ-

דיג עטוואָס אייער האַנד, וועל איך שמערצליך פערהאַלטען דעם אָטעם פון שטאַרקען טיעפען ליעבע-צער...

איהר ווילט עס נישט? וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה׳לע... לאָז זיך דאַכטען, אַז מיר זענען קינדער. נאָך גאָר קליינע קינדער, וואָס ריידען שלעכט אויס דעם גימל, וואָס האָבען מורא פאַר דונקעלקייט, וואָס האָבען ליעב נאַשערייען, וואָס פיעלען אין בעהעלטעניש און צייכען און די פיסלעך זענען נאָך נישט קיין זיכערע. און אַ מעשה׳לע טאקי פשוט — מיט אַ בער, וואָס איז געקראָכען אין געדיכטען וואַלד נאָך האָניג, און מיט אַ וואָלף, וואָס האָט מיט אכזריות פערצוקט אַנ׳אָרים שעפסעלע און מיט אַ שפּאַרבער — אַ פערדאַרבער...

דאָס ווילט איהר אויך נישט? וועל איך אייך דערמאָהנען אָן ליטא... קינד, אָן ליטא? אָן אייער שטעדטיל, אָן אייער מאַמען. אייער מאַמע איז אַ ליעבע יודענע, נישט קיין הויכע, מיט גוטע קנייטשען אויפ׳ן שטערן, איינע פון יענע ליטווישע מאַמעס, וואָס ריידען שטיל, וואָס קוקען פערשעמט אפילו אין דער עלטער, וואָס האָבען ליעב צו האַלטען די הענד אויפ׳ן האַרצען, וואָס קענען מיט אַ בעזונדער טרויער-נגון שבת-צו-נאַכט זאָגען גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב און וואָס גוטסקייט און רחמנות און באַרימהאַרציגקייט פליסט זיי פון די אויגען אַרויס. אָט די ליעבע מאַמע אַייערע טראַכט וועגען אייך אַלע ביינאַכט, נאָך קריאת-שמע זאָגען, אין בעט ליעגענדיג, בעת אַ קליינטשיק געל פייעריל שפּראָצט פונ׳ם לעמפּעל, וואָס הענגט אין אַ דראָהטענעם רעהר אונטער׳ן סופיט און אויף די ווייסע געקאַלכטע וואַנד שפּרינגען-אום גרויסע האָהריגע שאָטענס. באַלד נאָך קריאת-שמע קומט איהר צו איהר, און די מאַמע קוקט אויף אייך אין דמיון און האָט מורא פאַר אייך — גאָט ווייס ווי איהר געהט אין דער-פרעמד, און וויל וויינען...

דערצעהלען אייך נאָך וועגען אייער מאַמען, ווילט איהר? איך קאָן אייך דערצעהלען, פון וואָס אַייער מאַמע האָט געטרוימט מיידעלוויז, ווי אַזוי זי האָט אויסגעזעהן צו דער חתונה און ווי אַזוי זי האָט געלעבט מיט׳ן מאַן. אונטער דער חופה איז איהר

בעפאַלען אַ זיסע אימה, ווי מען קוקט אַריין אין אַ שפּאַקטיוו, וואו מען קען זעהן דעם ים, אַ ווייטען און אַ ברייטען און אַ רוישיגען, מיט ווייסען טאַנצענדיגען שוים.

נאָר איך וועל אייך בעסער דערצעהלען פון אייער שטעד-טעלע... יענס ווינקעל, וואָס ליעגט ביים רוקען פון א זאַמדיגען בערגיל, אויף וועלכען עס שטעהען צוויי קליינע אַלטע ווינד-מיהלען מיט לאַנגע אָבגעניצטע פליעגלען, און זומער פאַרנאַכט, בשעת די זון פערגעהט, קומען זיי אויס פון דערווייטען ווי שוואַרצע גרויסע לאַנגזאַמע פויגעל אויפ'ן בלוטיג-רויטען ראַנד פון הימעל.

פון די ווינד-מיהלען איז נישט ווייט צום קלויסטערייל, וואָס דרעמעלט איינזאַם אויף גרינעם גראָז צווישען אַ מענגע אומעטיגע, רוהיגע און פערעלטערטע הייזלעך, און פון קלויס-טעריל איז נישט ווייט צום מאַרק מיט די קליינע קרעמעלעך, פון וועלכע עס שרייען אַרויס ביליגע קאָלירטע סטענגעס, גלאַנציגע קנעפּלעך, געפאַרבטע זייפען און וואָלוועלע שטעקעלעך און פעך און קעז און רויטע צוקערקעלעך, איינגעוויקעלט אין פּאַפּירלעך. און פון מאַרק איז נישט ווייט צום שוהל-הויף. די גרויסע שוהל איז אַ געמויערטע, נאָר דער דאַך איז איהר אַלט, ווי ביי אַ שענעם זקן אַ צו-פערעלטערטע יאַרמאָלקע, און פון די פענסטער טרעהרט אין אַ נאַסען טאָג. דאָרטען לערנען נאָך איצט עטליכע יונגע, מאָגערע און פרומע קלויזניקעס, און אַמאָל קען מען הע-רען ווי אויפ'ן מאַרק זינגט אַ צולאָזענער און שכור'ער גוי — „אושלאַ גוליאַט דעוויצאַ" און פון שוהל: אמר רבי בר-בר-חנה... אָבער די דאָזיגעביידע קלאַנגען — פון שוהל און פון מאַרק, שלאָגען זיך נישט אָן בייז, צוקלאַפּען זיך נישט, נאָר פאַר-ביי געהען זיי, פאַרביי אייננאַנדער און די יודישע שטאַרבען לאַנגזאַם אָב ערגיץ אונטער'ן הימעל...

פון דער שוהל איז נישט ווייט די באָד מיט שוואַרצע לעכער אָנשטאָט פענסטער, און פון באָד — די פּאָסט, אַ לאַנג נידעריג הויז מיט ווייסע טעפּעלעך אויפ'ן דאַך און מיט אַ נעץ פון טעלעגראַפען-דראָטהען. אין פענסטער זעהט מען שטענדיג

אַ גרויסען לאָמפּ מיט אַ גרינעם אַבאַזשור און קוזמע, דעם טעלע-גראַפיסט, מיט ווייכע בלאָנדע האָהר אויפ׳ן שטערן. און פון דער פּאָסט הויבט זיך אָן דער שליאַך, וואָס ציהט זיך אין גובערניע אַריין... ביי די זייטען פון שליאַך שטעהען צוויי געדיכטע שטומע וועלדער, ווי צוויי אַלטע ברידער און קוקען געדולדיג פון יאָהרען איינע אויף די אַנדערע. אין תמוז אין דאָרטען קיהל און אַ מאָדנע שטיל-שווייגעניש. אַמאָל גיט אַ צאַפּעל אַ פויגעל אויף אַנ׳איבערגעטריקענטען צווייגעל, און דאָס פלעצליכע גערויש פערצוקט באַלד די שטילקייט. אייער עלטער-באָבע האָט גע-זאָגט, אַז דאָרטען וואוינען לייבען, אייער באָבע האָט שוין געזאָגט — בערען, די מאַמע אייערע — וועלף, בייזע שרעקליכע וועלף. נאָר דאָס יונגוואַרג מיינט, אַז דאָרטען שטעהען בלויז ליעבע גוטע בוימער מיט קיהלע ברייטע שאָטענס, וואו עס איז אַזוי גוט צו פערבלאָנדזיען אַמאָל, אין אַ פאַרנאַכט, נישט אַליין...

אויפ׳ן שליאַך קענט איהר אָנבעגעגענען דעם אַלטען בעל-עגלה אָרע׳ן, ווי ער שלעפּט זיך מיט זיין בויד און שקאַפּע פון גובערניע אין שטעדטיל אַריין. אָרע, חאָטש ער איז אַנ׳אַלטער, האָט דאָך ליעב געהן צו-פוס, ביים זייט פון וואָגען, מיט דער בייטש אין האַנד, מיט דער ליולקע אין מויל, פעסט, זיכער און שטאָלץ, און ריידען האָט ער ליעב הויך און בייז. אַ בעל גאוה איז ער, אָרע. ער האַלט נישט פון דער וועלט מיט איהרע פאַראָנדקעס, מיט די אייזענבאַנען און מאַשינען, און איהם געפעלט נישט דאָס, וואָס יונגע טהוען. יונגע האָט ער זעהר פיינט. יונגע האָבען אַ טבע זיך צו שפּאַרען, גראָב אָנטרעטען מיט ווערטער, חוזק׳ן אָהן דרך-ארץ און גלויבען נישט אין גאָט. אַמאָליגע יונגע זענען אַזוי נישט געווען, און אַמאָליגע קעפּ זענען געווען אַ סך גרעסער פון די היינטיגע. אָרע האַלט נאָך שטאַרק פון רוסלאַנד׳ס מאַכט, און מיט אַ בעזונדער הנאה גע-דענקט ער די נעמען פון די אַמאָליגע בראַווע מיניסטאָרען און גענעראַלען, וואָס זענען געווען און נישט געווען.

— בשעת זאַריל אָוו איז געווען מיניסטער, האָט ער זיך משתדל געווען פאַר׳ן קיסר, מען זאָל יודען געבען ערד אוס-

זיסט, — דערצעהלט אָרע רוהיג און לעגט צו די נאָז צו צוויי פינגער טאַבאַק.

— ר׳ אָרע, אין רוסלאַנד איז, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט געווען אַזאַ מיניסטער... זארילאָוו?.. — פרובט איהר צווייפלען.

— בהמה!.. — ווערט אָרע בייז און שאָקעלט מרה-שחורה׳דיג מיט׳ן קאָפּ, — מען זאָגט דאָך דיר זארילאָוו — איז מסתמא זארילאָוו. ער לעבט נאָך היינט אויך... שוין אַודאי אַ בן-שמונים!

ביי אָרע׳ן לעבען אַלע אַמאָליגע מיניסטאָרען און גענעראַלען און מיט זייער ווילען ווערט געפיהרט די מדינה. די היינטיגע זענען נאָר אַנ׳אָנשטעל. און רוסלאַנד וועט ווען עס איז איינגעהמען די גאַנצע וועלט. דאָס לאַנד האָט זעהר אַ סך מענשען, געזונדטע, פעסטע, ממש גבורים, און וואָס קלעקט, למשל, אַ דייטש, צי אַ פראַנצויז׳ל ביי אַזאַ יונג?

— מען וועט דאָך איהם צורייבען אויף מעהל — מאַכט אָרע אַ מינע פון אויפריכטיגען עקעל און וואַרפט-אָב מיט דער האַנד, וואָס דאָס געהט שוין אויך אויפ׳ן צוהערער.

דער צוהערער זעהט איהם אויך אויס ווי אַ מין פראַנצויז׳ל: שוואַך, מאָגער און איינגעשפאַרט. קיין פראַנצויזען האָט ער קיינמאָל נישט געזעהן, נאָר אַזאַ מיינונג האָט ער וועגען זיי. ווי קען אַזאַ בריאה פערשטעהן רוסלאַנד און זיין גבורה?

נאָר אין האַרצען איז אָרע אַ גוטער און אַ פער׳חלומ׳טער, און אַז ער וועט בעמערקען אין אייך, אַז איהר זענט אַ טשיקאַווער פאַרשוין אָדער ער וועט וויסען, אַז איהר לייענט ביכלעך און זענט אַ ביסעל געהאַפט אין דער מעשה, וואָס איז איהם אין דער-שטיל ערגעץ טיעף אין האַרצען דוקא געפעלען — וועט ער אייך דערצעהלען בשעת׳ן פאָהרען פערשיעדענע מעשיות: מיט׳ן גראַף טשאַפּסקי, וואָס האָט איהם, אָרע׳ן, אַמאָל פון ליעבשאַפט געשענקט אַ טאַבאַק-פושקעלע בעפוצט מיט אמת׳ן גאָלד, מיט׳ן פוילישען מיאַטעזש, מיט אויפגעהאַנגענע גזלנים, מיט׳ן כותל-מערבי, מיט משוגענע וועלף און מיט׳ן קץ... ער ווייס אַלע קלייניגקייטען, ווי אַזוי דער קץ וועט געשעהן און קאָן

דערצעהלען מיט טעם. אַ פּאַפּיראָס אָדער בעסער אַ שוועבעלע זאָלט איהר איהם אָפּרער שענקען צו זיין ליולקע, און איהם נישט איבעררייסען. ער האָט עס פיינט און פערליערט גלייך דעם ברען. עס מאַכט נישט אויס, וואָס הינטער אייך זיצט אין בויד אַנ׳אַלטער יוד און שנאָרכעט מיט דער נאָז, דרעמלענדיג, און וואָס נעבען איהם זיצט אַנ׳אָרימע קרעמערקע מיט פּעק און מיט פּעקלעך, פערלעגט און פערשטעלט, ווי אַריינגעקוועטשט, און שטיקער שוואַרצע נישט געקאָמטע האָהר זענען איהר פון טיכעל אַרויסגעפאַלען און מיט שעפּטשענדיגע קללות מאַכט זי פּאַר זיך אַ רעכנונג מכח איהר מסחר אין גובערניע. איהר וועט זיי גאָרנישט בעמערקען. אַרום אייך שטעהט פוןביידע זייטען וואַלד, דאָס פערדיל ציהט דעם וואָגען און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אַרויף און אַראָב, אויפ׳ן בלאַסען אָווענד-הימעל וועהעט מיט פערבענקטקייט און אָנהויב נאַכט, פון ביידע וועלדער פליסט אַ ווייכע דונקעלקייט, און אָרע שיט, שיט דאָס מעשה׳לע לאַנגזאַם, זיס און האַרציג. און איהר וועט אויך נישט בעמערקען, אַז איהר זענט שוין געקומען אין שטעדטיל אַריין: אַ מענגע הייזלעך, שאָטענס פון יודישע פיגורען, פייערלעך און נאַכט. איהר זענט שוין אין שטעדטיל, און אָרע האָט געענדיגט. און אַז איהר קוקט זיך אַרום, דערזעהט איהר אויף אַ וויילע אין אַ ליכטיגען פענסטעריל אַ שענעם פּראָפיל פון אַ יונגען שוואַרצהאָהריגען מיידעל...

אויב איהר זענט אַ זוהן צי אַ טאָכטער און איהר קומט צו-גאַסט, וועט אייך אַ גאַנצע שטוב מענשען אָנבעגעגענען מיט אַ מאָדנער אומעטיגער הייסקייט, וואָס איז נאָר איין איינציגע אויף דער גאַנצער וועלט און וואָס איז נאָר אין ליטא פאַרהאַן און וואָס זי טריפט, אָט די הייסקייט, פון די אויגען און פון די הענד און פון שמייכעל און פון קול. די מאַמע וועט שווייגען און וועלען ריידען און וועלען געבען טהיי און וועלען עפּיס שטילערהייד, אַליין, בעזונדער, אַז קיינער זאָל נישט שטערען, אַ קוש טהאָן טיעף אין באַק אַריין — זי זעהט אפילו דאָס אָרט וואו: אין סאַמע מיטען באַק — און וועט אַ רגע בלייבען שטעהן

נישט ווּיסענדיג וואָס צו טהאָן. דער טאַטע וועט אויספרעגען מיט אַ חנ׳עוודיגער צוריקגעהאַלטענקייט, הגם נישט גאָר אָהן גאוה, נאָר דאָך פערשעמט, פערשולדיגט, באַאיוו צופענדיג ווילעווייז די באָרד, און אַ קליין שוועסטעריל, אַ מיידעלע פון אַ יאָהר זעקס מיט אַ געקרייזעלטען קעפּעלע, וועט שטעהן אין אַ ווינקעל מיט ברייט-פונאַנדערגעריסענע אויגעלעך און וועט האַל-טען אַ פינגער אין מויל...

דערנאָך וועט שטעהן אַ סאַמאָוואַר אויפ׳ן טיש, די מאַמע וועט דערלאַנגען פּאַראַיאָהריגע וואַרעניע און שבועות׳דיגען טאָרט, פון וועלכען עס וועט שמעקען מיט פּאַר-צוויי-יאָהריגען אתרוג, און עמיצער פון דער פאַמיליע, די עלטערע שוועסטער מסתמא, וועט אַלץ וועלען לויפען דערקויפען וואָס אין קרעמעל. לויט איהר מיינונג, וואָס איז אויסגעפיילט געוואָרען פון די ראָמאַנען, וועלכע זי לעזט אַלע טאָג, איז וועניג דאָס, וואָס מען שטעלט פּאַר׳ן גאַסט. און ביים טיש זיצען אַלע און קוקען מיט דער-זעלבער אומעטיגער הייסקייט און ריידען רעדט מען וועניג, דאָס קאָן זיך ערלויבען נאָר דער טאַטע, און מען וויל, איהר זאָלט עסען, איהר זאָלט טרינקען, אז פון אייך זאָל אין איין מינוט אויסוואַקסען אַ ריז, און עס ווערט אייך מיט אמאָל אַזוי האַרציג-היימלעך, אַזוי מחיה׳דיג-לייכט, פונקט ווי איהר וואָלט בעשיינ-פערליך אַראָבגעוואָרפען אַ באַרג פון האַרצען. און אַז עס ווערט שפּעט, ווערט אַ טאַנצעריי אַרום אייער בעט. יעדער וויל אייך מאַכען בעקוועמער. מען טראָגט קישענס און פּערענעס און פרישע קאַלטע יילעכער, ערשט פון קאָמאָד, און דאָס בעט איז אַ הילצערנע, אַ פשוט׳ע מיט רויטע קאַנטען און איינפאַכע געזימ-סלעך, און ברייט איז עס, און פריי איז עס, און אויב איהר זענט נישט שטאַרק צוטראָגען פון וועג, קענט איהר זיך באַלד דערמאָהנען, אַז אויף אָט דעם בעט האָט איהר זיך געשפּיעלט, ווען איהר זענט געוועזן אַ קינד. און נעבען בעט — אַ ווייס-גע-קאַלכטע וואַנד, אַ שטילע, אַ גלעטענדע וואַנד, און פון יענער זייט וואַנד — ליעגט אַ זומער-נאַכט, נישט אויף שטיין און אייזען, נאָר אויף גראָז און ערד, און ווען איהר לעגט זיך אין

בעט און מאַכט צו די אויגען, קענט איהר הערען איהר אָטעם פון איבער'ן וואַנד... נאָר פאַר'ן שלאָף געהט איהר אַ ווײַלע אַרויס פון שטוב. ווי קאָן מען זיך לעגען שלאָפען און נישט אַ קוק טהאָן אויף דער בלאַסער, שטילער און פערבענקטער ליטווי-שער זומער-נאַכט, וואָס וואַרט עפּיס שען-טרויעריג אויס, ווי אַ כּלה, ביי וועלכער דער חתן איז אַוועק אויף קומען נישט באַלד צוריק — אויף די געלע זאַמדיגע בערגלעך, אויף די שמאָלע שעפּטשענדיגע טייכלעך און אין די גרויסע קיהלע און געדיכטע וועלדער. שטעהן דאַרף מען לאַנג אין דרויסען — דאָס איז אייער שטעדטיל, אייער נאַכט, אייער לופט און אייער יוגענד און אייער אַמאָליג געלעכטער און אייערע קינדערשע טרוימען. נאָר איהר רייסט זיך שנעל אָב, ווי איהר וואָלט מורא געהאַט אָנצוזאַפּען זיך אין אַזאַ גוטע מינוט מיט צער פאַר אַייערע קינדער-יאָהרען, און פאַר'ן אַריינגעהן אין שטוב, וואַרפט איהר נאָך אַ לעצטען בליק אויפ'ן הימעל. ער איז ברייט, דער הימעל, און ער איז בלאַס, און ער איז שטיל, און וואו-נישט-וואו איז ער עטוואָס בעשפּריצט מיט קליינע גאָלדענע ציטריגע פינטעלעך...

אין שטוב וואַרטען אַלע אויף אייך אפילו מיט'ן שלאָפען, נאָר די מאַמע האָט אייך דאָך דעם קוש נישט געגעבען. איהר זענט אויסגעוואַקסען, גרויס, אַנדערש געוואָרען, און זי איז אַלץ דיזעלבע. מען דאַרף האָבען מוטה אַ קוש צו טהאָן.

און אין שטעדטיל רוקט זיך דאָס לעבען אַלץ אויף איין שטייגער. דער טעלעגראַפיסט ווײַנט אַ גאַנצען טאָג אויפ'ן גיטאַרע און זוכט בעקאַנטשאַפט מיט יודישע מיידלעך; אַ רויטע בהמה שפּאַרט דעם קאָפּ מיט די שפּיציגע הערנער אין אַ גרויסען צעבער קלייען; אַ שוואַרצער האָהן מיט אַ בלוטיג רויטען קאַם אויף אַ קליינעם קעפּיל פּיהרט מיט רוגזה און גדלות אַ מחנה נאַרישע און פעטע היהנער איבער'ן שטויב פון גאַס; איטשע-מאיר דער משוגענער, אַ פאַרשוין מיט אַ צוקערימטען געזיכט, אויף וועלכער עס וואַקסט נישט קיין באָרד און וואָנסען, דרעהט ווי אַ ראָד די הענד אַרום בויך, פּאַטשט זיך פּלוצלונג אָן אין שויס אַריין און שיסט-אויס מיט אַ הויזעריגען געלעכטער, פערגלאָצענדיג משונה

די אויגען מיט רויטע ווייסלען; אַרום די קרעמלעך שטעהען איינציגע פויערים און האַנדלען עפּיס, אָבער מיט אַזאַ מינע, פונקט ווי זיי וואָלטען בעטען אַ נדבה; נעבען אַ חדר ליעגען אַ פּאָר ווייסע ציגען, אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער, און זענען מעלה-גרה; דורך די אָפענע פענסטער פון חדר הערט זיך ווי יונגעלעך לערנען אַ פרשה חומש מיט דינע האַרציגע שטימעלעך, נאָר דער רבי איז פויל, אָרים און וויל שלאָפען. אויפ'ן שפּיץ פון אַ דע-כיל, וואָס איז בעוואַקסען מיט גרינעם מאָך, זיצט אַ גרויע קאַץ און וואַשט זיך מיט אַ רויט צינגעל, און אונטען שטעהט אַ גע-לער הונד מיט אַ פערריסענעם קאָפּ אַרויף און וויל זי איינ-בייסען מיט ווייסע שפּיציגע צייהן. אַ וואַרים ווינדטעל קומט פון בית-עולם, וואו עס שטעהען אַלטע דעמבען און קליינע באַרן-בוימלעך; דאָס ווינדטעל צושפּרייט ביים שוואַרצען האָהן דעם עק און דרעהט איבער אַ ווייס בלעטעל אין גאַס; ביים אַלטען רב וויינט קוויטשיג, איבער'ן גאַנצען שטעדטיל, דאָס ניי-געבוירענע קינד פון דעם דריטען ווייב, און ער אַליין, דער רב, אין אַ יאַרמאָלקע מיט פייכטע ווייסע פאות'ן, גלעט די באָרד אין פענסטער; לינקס און רעכטס און גלייך פּאַר די אויגען פינט-לען בערדיגע יודען מיט דאַרע העלזער: קרעמער, בעלי-מלאכות, בעלי-בתים און צווישען זיי דרעהען זיך ערנסטע מעוברת'ע ווייבער און גוטע ליעבע בלאַסע קינדער מיט שוואַרצע אויגעלעך. עס אזי הייס, דער טאָג איז לאַנג, זון און הימעל, ערד און גאָלד.

די נאַכט האָט איהר גוט געשלאָפען. רוהיג געשלאָפען. קיין שטיין אָן שטיין, קיין אייזען אָן אייזען האָט נישט גע-קלאַפּט. אַ ווייכע בעט, וואָס אַ מאַמע האָט אויסגעבעט, אַ שטי-לער חדר און חנ'עוודיגע קליינע פענסטערלעך מיט לאָדען... און מיט אייך צוזאַמען האָט געשלאָפען די ערד, די נאַכט, די בוימער, וואָס אין דרויסען. און איצט, אויסגעשלאָפען, בלאַנקעט איהר איבער די האַרציגע געסלעך, פערגאָסען אין זון-גאָלד, און האָט וואָס צו טראַכטען. אויב איהר זענט אַ פריילייז, טראַכט איהר וועגען משה'לען, וואָס האָט אַמאָל אייער האַרץ געצויגען.

זיין מאַמען האָט איהר נאָר-וואָס געזעהן. אלט איז זי און איהר קראָם איז אַלט און שיטער ליעגט אויסגעלעגט דאָס ביסעל מאַניפאַקטור אויף די הילצערנע ברעטלעך פון די פּאָליצעס. וואו איז משה׳לע? ער איז שוין נישטאָ אין שטעדטיל. מען זאָגט, ער איז אַ דאָקטאָר, מען זאָגט — אַנ׳אַדוואָקאַט אין אַ גויע׳שער שטאָדט, אין מאָסקווע... ער האָט שוין אַודאי אַ ווייב מיט קינדער און רעדט שלעכט יודיש, מיט אַ „ר״.

נאָר משה׳לע איז געווען זעהר אַ ליעב בחור׳ל און האָט געקענט זינגען און לערנען און טאַנצען און בעזונדער גוט פערברענגען מיט מיידלעך. איינמאָל האָט איהר אינסטינקטיוו געוואַרט אויף זיינעם אַ קוש. דאָס איז געווען פאַרנאַכט, נעבען בית-עולם, אויף הויכען גרינעם גראָז, וואו עס האָט געשמעקט מיט ראַמאַשקעס און פּאָלין. איהר האָט שפּאַצירט זאַלבענאַנד, אויג אויף אויג, איהר אין אַ בלוי-סיצען קליידעל מיט ווייסע קייקעלעך, און משה׳לע האָט געטראָגען אַ ווייס קראַגעלע מיט אַ ברוינעם שניפּס. אויפ׳ן בית-עולם האָבען זיך עטוואָס געשאָקעלט די בוימער, ווייס און ברייט האָט זיך צוגאָסען איבער די פעלדער דאָס גאָלד פון די צייטיגע קאָרן, אויפ׳ן בערגיל האָבען זיך מעלאַנחאָליש בעוועגט די לאַנגע פליעגלען פון ווינד-מיהל, פערבענקטע קלאַנגען האָבען זיך דערטראָגען פון קלויסטער־יל, איבער׳ן רוהיגען הימעל האָבען זיך מיעד צוצויגען דונקעלע פּאַסען וואָלקען, דער ריח פון ראַמאַשקעס און פּאָלין איז געדיכטער געוואָרען, משה׳לע האָט עפּיס חנ׳עוודיג דערצעהלט, וואָס איהר האָט, איבריגענס, גאָרנישט געהערט — און איהר האָט געוואַרט אויף אַ קוש... אייך האָט געשראָקען און געצויגען, קעלט און וואַרימקייט האָט אָפּטמאָל אָנגעריהרט אייערע שפּיץ פינגער און דאָס בלוט האָט עטוואָס געציטערט אין אייך. און איהר האָט זיך נישט גענאַרט: משה׳לע, דאָס ליעבע בחור׳ל מיט׳ן ווייסען קראַגעלע, האָט טאַקע אַ קוש געטהאָן... דעמאָלט האָבען זיך איבערגעדרעהט די גאָלדענע קאָרן-פעלדער און דער הימעל האָט זיך אויפגעהויבען און אַראָבגעלאָזט. יענע נאַכט האָט איהר נישט געקענט איינשלאָפען, פּונקט ווי איהר האָט פאַר׳ן שלאָף נישט

געקענט עסען, און ליעגענדיג אין בעט, אָהן שלאָף, האָט איהר צוגעטראָגען אַ פינגער צום אָרט פון קוש, צוגעטראָגען און צוגענומען, צוגעטראָגען און צוגענומען, און די קישען איז געווען הייס אונטער אייער באַק. פאַרטאָג זענט איהר איינגעשלאָפען און באַלד האָט איהר געזעהן מאָדנע חלומות: דער ים און שיפען און אַ מלחמה און אַ שרפה און משה'לע מיט'ן ווייסען קראַגעלע... מיט משה'לען איז ביי אייך גאָרנישט געוואָרען. אין אייך איז אויך גאָרנישט געווען קיין פערלאַנג, אַז עס זאָל עפּיס ווערען. איהר זענט דעמאָלט צופיעל קינד, צופיעל בלוט-און-מילך געווען. נאָר יענער פאַרנאַכט איז אייך פערבליבען אין זכרון אַזוי זיס, ווי דאָס פריהלינג-בעגינען אין שטעדטיל, ווי דער ווייטער גלאָקען-קלאַנג פון דער פּאָסט, ווי דער אומעט אין אַ שענער שבועות-נאַכט.

נאָר אַ מאַנסביל האָט וואָס אַנדערש צו טראַכטען. אָן שטעהט ר' שמואל-רבקה'ס שטוב. זעקס טעכטער האָט ער געהאַט, שענע, ליכטיגע, מיט זוניגע פּנים'ער און מיט פעך-שוואַרצע האָהר. און אין די סאַמעטענע אויסגעשטערנטע פריי-טאָג-צו-נאַכטען, בעת אַ האַרציגע מנוחה האָט זיך צוגאָסען אי-בער'ן שטעדטעלע, זענען די טעכטער געזעסען אויפ'ן גאַניק, אין ווייסע בלוזקעלעך, און אַ דופטיגקייט איז פון זיי אויפגע-גאַנגען און זיך בעהעפטט מיט דער מנוחה. זיי האָבען שטיל געלאַכט און געוואָרקעט צווישען זיך, ווי טויבען. זעקס טויבען זענען געזעסען מיט ווייסע העלזער און מיט שוואַרצע קעפּ. און אין גאָר שטילע און דונקעלע נעכט, בעת אויפ'ן הימעל איז קיין לבנה און שטערען נישט געווען און די נאַכט מיט דער ערד האָבען זיך אויפגעפלאָכטען אינאיינעם ווי אין גרויסע סא-מעטענע שטילע שוואַרצקייט, האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זיצען נישט אויפ'ן גאַניק ר' שמואל-רבקה'ס זעקס טעכטער, וואָס זע-נען עהנליך צו טויבען, נאָר זעקס ים-מיידלעך זענען אַרויסגע-שוואומען פון די טיעפענישען פון ים אויבען אויפ'ן וואַסער, און די האָהר איז זיי פונאַנדערגעלאָזט און די אויגען ברענען יי, און אַרום איז נישט דאָס שטעדטעלע — נאָר גרויסער, גרוי-

סער ים... און האָט זיי אַ יונג מאַנסביליש אויג בעמערקט דע־מאָלט אויפ'ן גאַניק, איז שוין יענער געבליבען שטעהן אַ צו־געשמידעטער צום אָרט, מיט אַ זיסען האַרץ־קלאַפּען, מיט אַ ציטער אין בלוט, אַ פערגאַפטער, מיט ברייט־אויפגעריסענע אוי־גען, פונקט ווי אַנ'איינזאַמער שיפער וואָלט אין אַ מיטען נאַכט אויף אַ מיטען ים פלוצלונג דערזעהן זעקס וואַסער־מיידלעך. און ער וועט נישט קענען אַוועקגעהן.

מען זאָגט, אַז אַ איספּראַווניק האָט זיך געשאָסען צוליעב איינער. אַ איספּראַווניק פון שטעדטיל. ער איז נישט געווען קיין שכּור. ער האָט קיין סקאַנדאַלען נישט געוואָלט מאַכֿען. ער האָט קיינעם נישט געוואָלט בעצווינגען. ער איז געווען אַ יונגער, אַ שטילער און אַ פערטראַכֿטער, גאָרנישט מעשה־גוי — און האָט זיך דערשאָסען. ווי קאָן זיך בעהעפטען מיט איהם אַ יודישע טאָכֿטער? נאָר דאָס איז, דאַכט זיך, געווען דאָס איינציגע דראַ־מא. וואָרום זעהר שנעל האָבען פינף מאַנסביל, ווי פון אַ בו־קעט בלומען, אַרויסגעחאַפּט פינף שענע טעכֿטער. איינע פאַר אַ דאָקטאָר, איינע פאַר'ן אַפּטייקער, די דריטע פאַר אַ לעהרער, די פיערטע איז סתם אין אַ גביריש הויז אָנגעקומען פאַר אַ שנור און די פינפטע איז אַוועק מיט'ן חתן קיין אַמעריקאַ. זיי אַלע לעבען נישט שלעכֿט, און געבליבען איז נאָר די זעקסטע... זי איז שען, די זעקסטע, און זיעבעצעהן יאָהר איז איהר ערשט. אַז זי פלעכט פונאַנדער די שוואַרצע צעפּ, לעגט זיך אַ נאַכֿט־שאָטען אויף די ווייסע געקאָלכֿטע ווענד און אַז זי שמייכֿעלט, ווערט ליכֿטיג אין שטוב. זי קאָן שמייכֿלען קלאָר ווי דער אָבגלאַנץ פון קריסטאָל. זי האָט נישט וואָס צו טהאָן אַ גאַנצען טאָג. דאָס, וואָס איז פאַר איהר בעשטימט געווען צו קענען, האָט זי זיך שוין אויסגעלערנט, אין שטוב איז דאָ אַ גוי'ע, אין קראָם איז די מאַמע; חובות מאָהנט־אויף דער טאַ־טע נאָכֿ'ן לערנען אין בית־המדרש אַ בלאַט גמרא, און זי לעזט ראָמאַנען. זי האָט שוין אַ סך ראָמאַנען איבערגעלעזען — און אין אָזעלכע ווערט איהר אומעטיג. דאָרטען, אין די ראָמאַנען, קו־מען זיך צונויף יונגע לייט מיט מיידלעך און זיי איז פריילעך,

און אין די דונקעלע פאַרנאַכטען קושט מען זיך, און דערנאָך, אַז מען צושיידט זיך, שרייבט מען הייסע גוטע ציהענדע בריע-וועלעך איינע די אַנדערע. אין דמיון האָט זי שוין לאַנג פער-פאַסט אַ פּאָר בריעוועלעך — נאָר צו וועמען?

עס חלומ'ט זיך איהר אָפט אַ בלייך געזיכט מיט דינע שוואַרצע ברעמען און מיט אַ שטילען שמייכעל. אַפּנים, אַז אָט דאָס געזיכט איז פון ערגיץ אַ ראָמאַן, נאָר עטוואָס איז עס אויך עהנליך אָן הערשעלע'ן. הערשעלע איז אַ גימנאַזיסט, וואָס לערנט נישט היי-יאָהר. נישט געזונד איז ער. מען זאָגט, אַז ער ליידט אויפ'ן האַרץ און איבער'ן שטעדטיל דרעהט ער זיך אַרום אין דעם גימנאַזיסטען-היטעל מיט די ווייסע קאַנטען און אויף די אַקסלען טראָגט ער דעם גרויען שינעל מיט די בלישטשענדי-גע קנעפּ, צוגעשפּילעט ביים האַלז אויף די העקלעך און די הענד נישט אַריינגעטהאָן אין די אַרבעל. דאָס אויג איז איהם פער'חלומ'ט און אַ קרענקליך-צולאָזענער שמייכעל מאַכט ציטערן דעם דונקעלען פּוך אויף זיין אויבערשטער ליפּ...

און מיט הערשעלע'ן וואָלט זי גערן ריידען, גערן געלאָזט איהר האַנד אין זיין האַנד און אָפּען אַ קוק געטהאָן איהם אין געזיכט. נאָר דאָס אַלץ קאָן מען עפּיס זעהר לייכט אויספיהרען אין די ראָמאַנען, וואו אַלץ איז ערלויבט און וואו מען מעג און מען קען אויספיהרען. טהאָן לויט די ראָמאַנען איז אָבער שווער. דער טאַטע געהט-אום ווי אַ טאַטע, די מאַמע קען ריידען און היט, אין שטעדטיל זענען דאָ אַ סך יודען און הערשעלע איז אַ לעבעדיג בחור'ל. ווי קען מען ריידען מיט הערשעלע'ן, מיט אַ לעבעדיג בחור'ל? נאָר ווער זאָגט עס, אַז זי וויל ריידען מיט הערשעלע'ן? זי האָט איהם דען ליעב? עס ציהט זי דען צו איהם?

הערשעלע'ן האָט זי נישט ליעב, מיט איהם וויל זי גאָר נישט ריידען — און טיילמאָל ווילט זיך איהר וויינען. וויינען בעהאַלטען, אין פעלד, ביינאַכט, איינע אַליין, ווייט פון מענ-שען, אַ דערשראָקענע, מיט צולאָזטע האָהר, און אויבען, אויפ'ן הימעל, צווישען פוכיגע שוואַרצע וואָלקען, זאָל אומלויפען אַנ-

אונרוהיגע ווייסע לבנה און זאָל זייהען אויף דער שוואַרצער ערד, צווישען געדיכטע שוואַרצע שאָטענס, ווייסע ציטריגע שטראַהלען, ווי תּחריכים. דעמאָלט זאָגט מען אין שטעדטיל, אַז מתים שפּאַצירען אין פעלד און קינדער פערנורען די קעפּ־לעך אונטער די קאָלדרעס.

זי וויינט אָבער נישט און געהט נישט אין פעלד — זי איז יונג, און אַז עס קומט אַריין דער טאַטע אין שטוב, ווילט זיך איהר לאַכען פון דעם, וואָס אַ פּאָה האָט זיך איהם קאָמיש פער־רוקט צום אויג. און מיט דער מאַמען ווילט זיך איהר שטיפען: אָט לאָז אַנ׳עלטערע פער׳דאגה׳טע יודענע פּרובען שטיפען און לאַכען ...

נאָר עס געהט אַ טאָג נאָך אַ טאָג. אָט איז פרייטאָג, שבת. אָט איז ווידער פרייטאָג, שבת ... עס ווערען קורץ איהר די קליידלעך און די האָהר וואַקסען לענגער און לענגער. און דאָס האַרץ בעט, מאָנט ציהט און רופט ערגעץ, און מען קאָן נישט וויסען — וואוהין. און אַז זי געהט אַרויס אין אַ פרייטאָג־צו־נאַכט אויפ׳ן גאַניק, איז אין דרויסען שטיל, עס הענגט אַ הימעל מיט גאָלדענע טאַנצענדיגע פּינטעלעך און דאָס שטעדטיל שלאָפט און פייערלעך לעשען זיך אין די פענסטערלעך און נאַכט־שטראַהלען ציטערן אויף די דעכלעך, און גאָר ווייט הויבט זיך אַ רוקען פון אַ גרויסער שוואַרצקייט, און אַז מען קוקט אַהין, דאַכט זיך, אַז דאָס געגעהנט זיך ... דאָס איז דער וואַלד.

און אויפ׳ן גאַניק זיצט זי לאַנג, און דאָס האַרץ רופט. זי איז אַמאָל געפאָהרען אין צוג און האָט געזעהן אַ מילד גע־זיכט פון אַ יונג פערטראַכט בחור׳ל. אָט קומט איצט צושווימען אין דער דונקעלקייט דאָס געזיכט פאַר די אויגען. עס שווימט, עס שווימט — און פעררוקט זיך אין דער שוואַרצקייט. וואו קען איצט זיין דאָס בחור׳ל? אָן ועמען געהערט ער? וואוהין איז ער געפאָהרען? דאָס געזיכט פערליערט זיך אינגאַנצען אין דער־פינסטער, און עס קומט אַנ׳אַנדער געזיכט. דער פּראָוויזאָר. דער פּראָוויזאָר האָט בלאָנדע וואָנסען, בלויע אויגען, אַ ווייסען שטערן און שטילע בעוועגונגען. אין אַפּטייק איז ער שטיל און

העפליך, און אין גאַס טראָגט ער שטענדיג אַ בוך אונטער'ן אָרעם. ער מוז, קענטיג, לעזען אַ סך. ער איז נישט קיין הי-גער, און דאָרט, פון וואַנען ער איז געקומען, האָט ער געמוזט איבערלאָזען אַ כלה, צו וועלכער ער דאַרף שרייבען שטילע גו-טע בריעוועלעך. בענקט ער נאָך זיין כלה? אין אַזאַ נאַכט בענקט ער: מען דאַרף נאָר אַ קוק טהאָן אויף די שטערענדלעך, וואָס קענען נישט רוהען אויף דעם גרויסען שוואַרצען שטיק זייד פון הימעל, אויף די מחנות פערדרעמעלטע הייזלעך און אויף דעם נאַכט-שיין, וואָס פלאַטערט פער'כשופ'ט אויף די דונקעלע דעכלעך, און מען דאַרף זיך צוהערען צו דער שטילקייט, וואָס פליסט פון דער ערד און פון דער הויך און פון די זייטען — און קלינגט ווי מיט דינע זילבערנע גלעקלעך...

די שטילקייט וואַקסט, די שוואַרצקייט וואַקסט, די שטערען גרעסערן זיך, פונקט ווי זיי וואָלטען זיך אָנגיסען מיט נייעם גאָלד און זילבער. די דעכלעך פון די הייזלעך זענען געטוליעט צו איינאַנדער, פונקט ווי אַ מחנה זקנים-קעפּ איז פערגליווערט געוואָרען אין מיטען זאָגען אַ סוד. און אונטען, צווישען די קרו-מע שמאָלע געסלעך בלייכט די ערד, בלייכט און ווערט איבער-געפּאַלען פון אַ געדיכטען שאָטען, און דאָרטען, גאָר פון ווייטען, שפּילט אויף איהר אַ דין שטעקעלע שיין, אַרויסגעפּאַלען פון די לאָדען. אַ געדיכטער וואַרימער ריח, געמישט מיט טהוי, פעלד און דזיעגעכץ, טראָגט זיך פון מאַרק, און איינאָטעמענדיג איהם, ציהט נאָכמעהר דאָס האַרץ, עס ווילט זיך נישט געהן שלאָפען. עס ווילט זיך אַרומגעהן אָדער פאָהרען אויף אַ פּויערשען וועגעלע, פאָהרען אָהן אַנ'אויסלאָז, צווישען וואַלד און פעלד, און קוקען אויפ'ן הימעל און די שטערען, און לאָזען פריי בענקען דעם האַרץ, און לאָזען טראַכטען דעם מח און זוכען אין די דונקע-לע שאָטענס אונטער די געדיכטע קוסטעס. ווער ווייס, אפשר ליעגט דאָס גליק בעהאַלטען אין דעם שאָטען פון די זומערדיגע נאַכט-קוסטעס? עמיצער מוז זיין אין זיי פערבאָרגען. עמיצער — מיט ליעבע, מיט גוטע שענע ווערטער, מיט אַ טייערן שמיי-כעל. עמיצער — אַנ'אונבעקאַנטער, נאָר זעהר אַ נאָהענטער, ווי

די נאַכט, ווי דער הימעל מיט די גאָלדענע פינטעלעך. ער איז אומישנע געקומען אַהער און וועט באַלד פון דעם שאָטען אַרויס. קען דאָס געשעהן? דאָס בוך זאָגט, אַז יאָ. דאָס לעבען זאָגט — נישט. אין אַזאַ נאַכט איז דאָס בוך ריכטיגער: זאָל דאָס פער-דיל ציהען צווישען פעלד און וואַלד. זאָל עס נאָר נישט שטעהן. אָט הויערן שוואַרצע שוויגענדיגע קוסטעס. אַ לאַנגע שורה פון דער זייט. אַ לאַנגע שורה פון דער אַנדער זייט. און, פונקט ווי מיט אויסגעצויגענע הענד, ליעגען צוגעפאַלען די שאָטענס צו דער ערד. עמיצער וועט זיך שלאַנק אויפהוי-בען פון זיי...

און זי זיצט נאָך אלץ אויפ׳ן גאַניק.

— רררררר!... — דערטראָגט זיך פלוצלונג אַ געדרעהטער קלאַנג פון ערגעץ.

דאָס איז הערשעלע׳ס קול. הערשעלע וויל אויך נישט שלאָפען, און ער שרעקט די פערשלאָפענע פויגלעך אויף די נאָהנטע קאַרשען-בוימלעך.

הערשעלע׳ס קול האָט אויף אַ ווייַלע צוריסען די שטיל-קייט, ווי אַ דונקעלע טוך מיט קוים שעמערירענדע פעריל, און דאָס איינזאַמע ים-מיידעלע אויפ׳ן גאַניק האָט לייכט אַ ציטער געטהאָן. זי האָט דערקענט זיין קול.

צי וועלען זיי זיך היינט בעגעגענען?

... קוים וואָס איך זעה אייער געזיכט. אָבער איך זעה ווי עס גלאַנצט אַ פייַכטקייט אין אייער אויג. קינד, אָנצינדען פייַער אָדער מיט וועלען געהן אין גאַס? אויף דעם הימעל קען מען אויך זעהן שטערען, חאָטש זיי האָט שוין לאַנג פעררויכערט דער ריזיגער פאַבריק-קוימען, וואָס וויל דוקא אָנשטעכען זיי און די חוצפה׳דיגע קראָמען-פייערן האָבען זיי רוגזה׳דיג פערשרי-ען. זיי זענען אָבער דאָך שטערען.

מיר וועלען פאָהרען. מיר וועלען נעהמען אַ דראָזשקע און וועלען פאָהרען. אַ גאָרטען איז דאָ. אַ טייך איז פאַרהאַן. שמאָ-לע שטילע געסעלעך פלעכטען זיך אין ווינקעל שטאָדט. זאָגט נאָר: וואוהין?

איהר פערריכט די האָהר. אייער בעוועגונג דערמאָהנט מיר ליטאָ. דאָס שטילע אויפהויבען זיך פון אָרט, דער בויג פון אייער האַנד, דאָס אַריינשטעכען שפילקעלעך אין דער פריזור, די שמאָלע עלענבויגען, דער קינדערשער האַלז, די אומעטיגע ברעמען, דער ריינער און שמערצליכער געדאַנק אין די שוואַרצאַפּלען פון די אויגען, דער זוכענדיגער קוק, דער נאַאיוער און ציטריגער שמייכעל, די נישט גאָר גוט-אָנגעטהאָנענע בלוזקע, דער ברייטער, נישט פערענדיגטער הוט, די שענקייט, וואָס ווערט נישט אַרויסגעשטעלט, נאָר צוריקגעהאַלטען, טיילוויין פערבאָרגען, פערהילט — אָט דאָס אַלץ איז דאָס עכטע שענע ליטווישע מיידעל.

איהר זענט פאַרטיג, זעה איך. מיר געהען? קינד, איך וויל אַ קוש טהאָן אייער האַנד...

# מיידלעך.

א.

אין אָוונד, אַז מען צינדט-אָן דעם בליץ-לאָמפּ אין דעם גרויסען צימער און די שויבען פון די פענסטער ווערען שוואַרץ, קומט דער פאָטער פון קראָם. אין קעשענע פון מאַנטעל שטעקט ביי איהם דער לאַנגער קראָם-שליסעל און אין האַנד האַלט ער אָנ׳אָבגעריבען שמאָל ביכעל, אין וועלכען עס זענען פערשריבען די חובות. שווייגענדיג טהוט ער אויס דעם שוואַרצען זומער-מאַנטעל, בעקומט פון דאָרט אַ רויט טיכעל מיט מטבעות און וואַרפט עס אַרויף אויפ׳ן טיש. דעם פאָטער׳ס קראָם איז אַ קליינע, דאָס געלייזטע געלד בעשטעהט דאָס רוב פון קליינע קופּערנע און זילבערנע מטבעות, וועלכע מען מוז יעדען טאָג צוציילען אין רובל׳ס. דאָס איז אַנ׳אַרבייט, וועלכע ער האָט אַפּנים, בעזונדערס ליעב, און אַז ער זעצט זיך צום טיש, הויבט-אָן באַלד שוויצען זיין פּנים, די אויגען ווערען אָנגעשטרענגט און שניידען זיך אַריין אין דער קופּע פּעטע ווייסע

און קופּערנע מטבעות, אַרום וועלכע עס בעוועגען זיך זיינע האַהריגע פינגער, און די ליפּען שעפּטשען נאָכאַנאַנד:

— פּופּצעהן מיט פּופּצעהן איז דרייסיג...

ביי איהם איז אַ בלייך ברייט פּנים, וואָס איז, ווי אין טינט, איינגעטונקט אין אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד און גרויסע גוטמוטהיגע ברעמען. בשעת ער צייהלט, קומט פון ערגעץ אַרויס די מוטער, און באַלד הינטער איהר טראָגט די דיענסט אַ זידענדיגען סאַמאָוואַר, איינגעהילט אין אַ נעבעל. די מוטער זעצט זיך אויך צו צום טיש און נעהמט נישט אַראָב די אויגען פון׳ם געלד. מיט׳ן מיטעלסטען פינגער שאַרט זי זיך צו פון דער קופּע גרויסע קופּערנע צעהנערלעך און בויט אויס פון זיי רובלדיגע זיילען. ער קלייבט דאָ זילבער, זי די קופּער. די דיענסט דערלאַלגט זיי ביידען טהיי. נאָר זיי טרינקען נישט, און די פּאַרע, וואָס שלאָגט באַלד אין אָנהויב פון די גלעזער, ווערט אַלץ קלענער און קלענער.

ענדליך ווערט ער פאַרטיג מיט׳ן צייהלען, און, בעקוקענדיג מיט אַ מין נצחון די קופּקעלאָך געלד, וואָס ליעגט שורה׳סווייז אויפ׳ן טיש, שאַרט ער זיך צו דאָס גלאָז טהיי.

— אַ וועקסעל האָב איך היינט געהאַט — זאָגט ער אַרויס שטיל און מיט גרויס ערנסט, נעהמענדיג אַ שטיקעל צוקער.

— נו? — פרעגט זי און הויבט-אויף דאָס טעצעל צום מויל.

— דורכגעקומען... — ענטפערט ער און גיט א זופּ.

דער שמועס וועגען זייער קראָם דויערט נישט לאַנג, און באַלד הויבען זיי אָן ריידען וועגען זייערע צוויי טעכטער — גאָלדע און חנה.

— דו האָסט אפשר געזעהן דעם שדכן? — פרעגט ער.

— געזעהן, — ענטפערט זי — אָבער גאָלדע ברעקעלט זיך. אומזיסטע טענות — זי וועט קיין שדוך נישט טהאָן. איהר געפעלט נישט קיין שדוך...

— געפעלט נישט? — גיט ער שטיל אַ ברום, אָהן כעס, — עס דאַרף דאָך עפּיס זיין אַ טעם. גלאַט געפעלט נישט?

דער גרויסער בליך-לאָמפּ מיט זיין ברייטען קיילעכדיגען

פייער מאַכט ברוין זייערע פּנים׳ער און די רויטע גלעזער טהיי לעגען רויטע שטראַהלען אויף זייערע הענד. פון איבער־וואַנד, ביי די מיידלעך אין צימער, הערט זיך אַ גרויס געלעכטער.

— עמיצער איז דאָ ביי זיי? — פרעגט דער פאָטער און קוקט אויף דער וואַנד, פון וואַנען עס געהט דאָס געלעכטער.

— גאָרדאָן זיצט ביי זיי, — ענטפערט די מוטער, — אַנ׳־אָנשיקעניש... שלעפּט זיך אַהער טאָג־טעגליך. אַזוי ווי מען דאַרף איהם דאָ.

— אָבער גאָלדע וועט דאָך איהם נישט וועלען, — איז דער פאָטער זיכער, — וועט ער זיך שלעפּען—שלעפּען און וועט אויפהערען.

— איך ווייס נישט... — ענטפערט זי מיט שרעק.

אָבגעטרונקען דאָס לעצטע גלאָז טהיי, נעהמט ער זיך ווידער צום געלד. איצט לעגט ער עס צונויף, פערוויקעלט עס אין פּאַפּירלעך, שרייבט־אָן אויף יעדען פּאַפּיר׳ל די צאָהל און פערשליסט עס אין אַ טיש־קעסטעל. בשעת ער טהוט עס, קוקט זי איהם נאָך אויף די הענד — ער זאָל קיין טעות נישט האָבען. דערנאָך קעהרען זיי זיך אום צו זייער פריהערדיגען געשפּרעך.

עס עפענט זיך די טהיר און עס קומען אַריין צוויי יונגעלייט אין שטרוי־היט. איילענדיג און פון אויבען גיבען זיי אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ און געהען גלייך אין צימער פון די טעכטער. ביידע — ער און זי בעגלייטען זיי מיט די אויגען. אויף זייערע פּנים׳ער לעגט זיך אַנ׳אונצופרידענע מינע.

— מען געהט... און קיין טאָלק גאָרנישט, — ברומט ער שוין מיט איינגעהאַלטענעם כּעס, — קינדער...

— מילא, וואָס קען מען העלפען, — פּרובירט זי פערגלעטען — דו האָסט דאָך זיי געלאָזט לערנען. געלערנטע קינדער, ווייסט דאָך, קרימען זיך אויף אַ שדכן.

— אָבער אַלץ האָט דאָך אַ שיעור, — בייזערט ער זיך לייכט.

אין האַרצען פערדריסט איהם נישט אויף זיינע געבילדעטע טעכטער, וואָס צו זיי קומען מאָדנע און אונבעקאַנטע יונגעלייט, וועלכע זיצען אין צימער יעדען אָוועטד ביז שפּעט אין

דער נאַכט אַריין. די דאָזיגע יונגעלייט ווייזען אויס גאַנץ וואוי-לע און גאַנץ שטילע, נאָר יעדעס מאָל, ווען עס קומט צורייד וועגען די קינדער, ווילט זיך עפּיס ווערען בייז און שטרענג, ריידען פון אַ תכלית און כעס'ן — און פאַרוואָס ווייס ער אַליין נישט. און אויך ווייס ער נישט, צו וואָס ברויך ער שוין אַ שדכן, בעת די קינדער זענען נאָך גאָרנישט קיין פּערזעסענע, זענען שענע, געראָטענע און געבילדעטע, און אַז זיי וועלען מסתמא חתונה האָבען נישט ערגער פון לייטען. און שוין פּער-געסט ער, אַז ער איז כלומרשט ערשט געווען אין כעס, און אומגערן נעהמט ער טראַכטען, אַז מען דאַרף בעזאָרגען די בחורים מיט טהיי. אַ צופרידענער זעצט ער זיך פון דאָס ניי צום טיש און נעהמט רייבען די הענד, ווי עס טרעפט מיט איהם, בעת פון קראָם געהט אַרויס אַ קונה, וואָס האָט געגעבען צו לייזען גרינג און אַ סך.

פון צימער קומט אַרויס די עלטערע טאָכטער, גאָלדע, אַ הויך דין מיידעל, מיט אַ קליין געטאָקט, דונקעל-חנ'עוודיג פּנים'ל, אונטער ברייטע שוואַרצע לאָקען האָהר. דאָס שמאָלע לאַנגע שוואַרצע קלייד און די שוואַרצע האָהר גיבען איהר צו עפּיס אַריסטאָקראַטישעס און צאַרטעס. מיט צוויי יאָהר צוריק האָט זי געענדיגט גימנאַזיע, און אין איהרע בעוועגונגען איז נאָך אײַנ-גאַנצען פערבליבען די לייכטקייט און די קאָקעטעריע פון גימנאַזיסטינס.

— פאַרהאַן טהיי? — פרעגט זי מיט אַ שמייכעל ביי דער מוטער.

— פאַרהאַן, ווי דען... — ענטפערט דער טאַטע אַ צופרידע-נער און רייבט זיך די הענד.

אין עטליכע מינוט אַרום שטעהט שוין אויפ'ן טיש אַ טאַץ מיט אָנגעגאָסענע גלעזער טהיי. גאָלדע קוקט דערויף מיט אַ שמייכעל, שטעלט פונאַנדער די גלעזער אויפ'ן טאַץ אין אַ קרייז, און, אויפהויבענדיג עס מיט ביידע הענד, טראָגט זי עס מיט שענע ריטמישע טריט אין צימער אַריין. דער פאָטער מיט דער מוטער קוקען זיך איבער, און אין די אויערן שטעהט זיי

דער שאָרך פון איהר קלייד, וואָס דערצעהלט אַזוי פיעל פון יונגקייט, פרעהליכקייט און גראַטענקייט.

— ווייסט וואָס ביי מיר איז געבליבען, — זאָגט ער פלוצלונג דעם ווייב, — מען דאַרף זיי נישט דרעהען אַ קאָפּ מיט שדכנים. ניש׳קשה, זיי האָבען זיך נישט וואָס צו איילען.

און, אויפשטעהענדיג פון טיש, נעהמט ער אַרומגעהן איבער׳ן שטוב, רייבט אַ האַנד אָן אַ האַנד, ציהט די באָרד, קראַצט זיך אין פּאַטילניצע, פּערזשמורעט אַנ׳אויג, פּונקט ווי ער וואָלט געמאַכט אַ רעכענונג אויפ׳ן קאָפּ, און, צוגעהענדיג מיט אַמאָל צום וואַנד, הויבט ער אָן האַלב-חזנ׳ישדיג:

— והוא רחום יכפר עון...

ער האָט נאָך קיין מעריב נישט געדאַווענט.

---

## II.

ביי די מיידלעך אין צימער איז זעהר היימליך און אָנגענעהם-זויבער. די ווענד זענען אויסגעקלעבט מיט העל-בלויע אָבאָיעס, עס שמעקט מיט פּאַרפומען, און ווי מען זעצט זיך אַוועק, הויבט זיך אָן דאכטען, אַז באַלד וועט זיך פון ערגעץ דערטראָגען אַ שטילע און אַ צאַרטע מעלאָדיע. עס איז קענטיג, אַז דאָס צימער ווערט מיט ליעבע אָבגעהיט און אויפגעפּאַסט.

ביי איין וואַנד שטעהען צוויי מיידעלשע בעטלעך מיט שניי-ווייסע קישענס און מיט ראָזע נאַאיווע קאַפּעס. אַנטקעגען די בעטען, ביי דער צווייטער וואַנד, שטעהט אַ סאָפע, און ביים פענסטער, צווישען די בעטען און דער סאָפע, שטעהט אַ טיש בעצויגען מיט אַ פּליושענעם סערוועט. אויפ׳ן טיש ליעגען בילדער פון שרייבער און אַרטיסטען.

אויפ׳ן סאָפע זיצט גאָרדאָן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן דער האַנד און די האַנד אָן ווענדטיל פון סאָפע. ער איז אַ בחור נישט פון הויכער וואוקס, מיט אַ בלייכען פּנים, מיט קלו-

גע אויגען און מיט געגאָלטע וואַנסען, וואָס עס מאַכט איהם אי יונג, אי אַלט. נעבען טיש זיצען הערשמאַן און ציפקין, וועלכע זענען זיך מכין צו טרינקען טהיי. ביי הערשמאַנ׳ען איז אַ הויכער שטערן, אַ לאַנגע נאָז און שוואַרצע גראָבע וואָנסען, און ציפקין איז אַ קליינינשקער, אַ מאָגערער, מיט אַ קליינעם שפּיציגען קעפּיל און קליינע שאַרפע אויגלעך. נאָר אין איהם איז פאַרהאַן חאַראַקטער און עפּיס אַ געפּאַנצערטעס שוויי־גען. פון זיין שווייגען בלאָזט מיט כח, און אַז מען קוקט אויף זיינע קליינע הענדטלעך, דאַכט זיך, אַז זיי קענען איינשטעכען, ווען זיי זאָלען זיך צו עפּיס אָנריהרען.

די אַלע דריי בחורים זענען חברים און זענען פערליעבט אין די צוויי שוועסטער, און אַז עס קומט דער אָוונד, קומען זיך אַלע דריי צונויף אַהער. אויסער גאָרדאָנ׳ען, וואָס ווייס זיכער, אַז ער ליעבט חנה׳ן, איז די איבעריגע צוויי חברים נישט איינגאַנצען קלאָר — צו וועלכער פון די צוויי שוועסטער עס ציהט זייער האַרץ. אָפטמאָל דאַכט זיך זיי, אַז זיי געהען נאָר צו גאָלדען און אַמאָל קומט זיי אויס, אַז זיי האָבען ליעב דורכאויס חנה׳ן. דאָך איז ביי זיי אין דעם געפיהל צו חנה׳ן פאַרהאַן עפּיס טיעפערעס און שטאַרקערעס.

צווישען זיך ריידען זיי קיינמאָל נישט וועגען די צוויי מיידלעך, זיי מיידען אויס אַזאַ געשפּרעך, פּונקט ווי אַ קראַנקער וויל נישט ריידען וועגען דער אָפּעראַציע, וואָס איהם שטעהט פאָר. זיי איז אַלעמען גוט בעוואוסט, אַז זיי זענען פערליעבט אין די צוויי שוועסטער, און ווייל זיי זענען נישט זיכער אין די אייגענע כחות, זענען זיי נישט אויפערזיכטיג איינע צו די אַנדערע, האָבען זיך נישט פיינט, זענען זיך העכסט אינטערעסאַנט און טריי, און אַז עמיצער פון זיי קומט אַמאָל נישט, טהוט עס די איבעריגע צוויי מיט אַנ׳אמת באַנג. עס איז עהנליך דערויף, ווי יעדער פון זיי וואָלט פאַר זיך געטראַכט אָדער געפיהלט, אַז מיט דעם כח פון די איבעריגע צוויי חברים וועט זיך איהם אפשר איינגעבען צו זיין געליעבט פון אַ שוועסטער. אויסערליך אָבער זעהט עס אויס, אַז מעהר שאַנסען האָט גאָר־

דאָן, נאָך גאָרדאָנ'ען — הערשמאַן, און ציפּקין אויף צו לעצט.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך דער ערשטער בעקאַנטשאַפט מיט די מיידלעך, האָבען זיך די בחורים געהאַלטען מאָדנע פרעה-ליך מיט זיי, האָבען זיך נאָכאַנאַנד געוויצעלט, געלאַכט, גע-שטיפּט, געשלעפּט זיי אין טעאַטער און אויף קאָנצערטען, אומ-געפאָהרען אויף דראָזשקעס, געמאַכט אַ שפּאַציר אונטער'ן שטאָדט אין וואַלד אַריין, וואו מען האָט פונאַנדערגעלעגט אַ פלאַקער, און מיט לאַנגע ברענענדיגע יעל-צווייגען אין די הענד האָט מען געטאַנצט און געזונגען, דרעהענדיג זיך אין אַ קרייז איינע הינטער די אַנדערע. נאָר דערנאָך האָט זיך דאָס עפּיס ווי פון זיך אַליין אויסגענומען און אין הארצען האָט געציטערט אַ גע-פיהל, וואָס האָט זיך געוואָלט אַרויסזאָגען פאַר די מיידלעך, אַרויסזאָגען בעת קיינער וועט נישט זיין, אין דער-שטיל, שען און ערנסט, און זיין זיכער אין ערפאָלג. נאָר אָט דאָ איז גע-ווען דער גאַנצער ווּעה. מען האָט געקענט חנה'ן צי גאָלדע'ן אפילו אַרומנעהמען, אפילו אַ קוש טהאָן, אפילו צו זיך צודרי-קען. נאָר עס איז געווען אונגעהויער שווער צו נעהמען אָט דיזעלבע גאָלדע, וואָס האָט די גאַנצע צייט קיין איין רמז נישט געגעבען, אַז זי פערשטעהט עפּיס, און עפענען פאַר איהר דאָס האַרץ. און נישט ווילענדיג האָט זיך געוואַרט, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט באַלד, אָט היינט, צי מאָרגען וועט ענדליך געשעהן דאָס, וואָס מוז געשעהן: די מיידלעך וועלען פערשטעהן, און עס וועט געענדערט ווערען די לאַגע.

גאָרדאָנ'ען, דעם סאַמע אויפמערקזאַמסטען פון זיי, איז בכלל געווען אונפערשטענדליך חנה'ס אויפפיהרונג. מיט אַ צוויי וואָכען צוריק זענען זייביידע געזעסען אין שטאָדט-גאָרטען, אין אַ פערשטעקטען ווינקעל. עס איז געווען נאַכט, די בוימער זענען שוואַרצע און שטילע געשטאַנען אַרום זיי, פונקט ווי זיי וואָלטען זיך צוגעהערט צו דעם ווייטען גערויש פון די שטאָדט-גאַסען, און אויפ'ן הימעל, גלייך איבער'ן קאָפּ, האָבען זיך גע-טוקט עטליכע פרעהליכע און ליכטיגע שטערען רייידענדיג מיט חנה'ן, האָט איהר גאָרדאָן צוגעוואָרפען אַ פּאָר ווערטלעך מיט אַ

ציטערדיגער שטים און האָט זי צוערשט אָנגענומען פאַר'ן האַנד און דערנאָך אַרומגענומען. און אַז דער געשפּרעך איז ווייטער געגאַנגען, האָט ער זי צוגעדריקט צום האַרצען און נאָכדעם מיט אַ געמאַכטער פרעהליכקייט אַרויסגעזאָגט:

— חנה, וואָס וואָלט איהר געענטפערט, ווען איך ערקלער זיך אייך אין ליעבע?... איהר הערט גוט, חנה?... וואָס וואָלט איהר געענטפערט דערויף?

חנה האָט געשוויגען, און אַז זי האָט באַלד דערויף אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין אַקסעל, האָט ער געפיהלט, ווי ביי איהם ציטערט עפּיס אַרום האַלז. ער האָט עס פערשטאַנען ווי אַ מין ענטפער און האָט זי אַ קוש געטהאָן, און זי האָט געשוויגען. און אַז זיי זענען געגאַנגען צוריק אַ היים, האָט ער איהר ווידער געשטעלט דיזעלבע פראַגע, און דאָס פּנים איהר'ס, אין וועלכען ער האָט זיך טיעף און פאָרשענד אַריינגעקוקט, האָט געהאַט אַ טריאומפירענדען אויסדרוק. און דערפון איז זעהר גוט און פרעהליך געווען.

און פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך דאָך נישט דערנעהנטערט צו איהם. און אויך נישט דערווייטערט. און אַז ער קוקט אויף איהר, ווערט ביי איהם טרויעריג און מאָהנענד דאָס אויג, און ער קען זי נישט פערשטעהן. ווייל ער האַלט זיך פאַר אַ קליגערן פון איהר, קוקט ער אויף איהר לאַנג, מיינענדיג, אַז ער וועט זי בענעהמען מיט'ן בליק. דער בליק וועט זיך אַריינשניידען אין נשמה און וועט אויפדעקען די בעהאַלטענע ווינקעליך. נאָר באַלד דערפיהלט ער, אַז זיין אויג גיסט זיך אָן מיט אומעט, און אָנשטאָט דעם, וואָס ער זאָל זי פערשטעהן און בענעהמען, גיט ער זיך אַליין אַרויס.

— וואָס קוקט איהר אויף מיר, און פאַרוואָס טרינקט איהר נישט קיין טהיי, — פרעגט חנה, און די דינע אויבערשטע ליפּ איהרע שלענגעלט זיך איבער אַ צייל ווייסע שמייכלענדיגע צייהן.

— קיין טהיי וויל איך נישט, חנה. און פאַרוואָס איך קוק אויף אייך — דאָס זאָל זיין מיינער אַ סוד...

— סודות... — און זי צולאַכט זיך אַ התפּעלות'דיגע.

חנה איז אין וואוקס קלענער פאַר איהר שוועסטער, נאָר דערפאַר איז זי שענער פאַר איהר. ביי איהר איז אַ דונקעל מאַט פּנים, גרויסע נאַאיווע גרויע אויגען, אַ גלייך דין נעזיל, קינדערשע ראָזע ליפּעלעך און קליינע בלייכע הענדטלעך. די האָהר איהרע, געדיכטע און געקרייזעלטע, האָבען אַ פאַרב פון אַש, און בעת זיי קרייזלען זיך אויף איהר קליינעם שטערען, קומט זי אויס דורכזיכטיג און לופטיג, ווי אַ לייכט וואָלקענדיל אין אַ זומערדיגען פאַרנאַכט. זי איז אַ שטילע — און דאָך האָט זי אין זיך אַ סך התפּעלות און געלעכטער; זי איז אַ פערטראַכטע — און איהרע אויגען זענען אַמאָל אַזוינע שטראַהלענדיגע, פּונקט ווי אַ זון וואָלט אַריין אין זיי. און פּונקט ווי זי וואָלט נישט זיין בעשאַפען פאַר אַנ׳אַרבייט, דערלאַנגט זי קיינמאָל קיין טהיי נישט די געסט, שטעלט נישט פונאַנדער אויפ׳ן טיש קיין צובייסונג. דאָס טהוט גאָלדע. חנה קען נאָר איינלאַדען צום געגרייטען, קען נאָר בעטען זיצען און קען נאָר אונטערהאַלטען אַ לופטיגען, נישט קיין ערנסטען געשפּרעך.

— איהר ווייסט, — זאָגט הערשמאַן פּלוצלונג אַרויס, — ביי אונז איז שוין נישטאָ יענע פרעהליכקייט, וואָס פריהער. און אויב אַזוי, איז אפשר גלייכער נישט צונויפקומען זיך אַהער? אָט מיר איז דאָ לאַנגווייליג!

און אויפהויבענדיג זיך מיט אַמאָל פון שטוהל, נעהמט ער שפּרייזען איבער׳ן צימער. ציפּקין האַלט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און דרעהט אָן זיין זייגערל.

— וואָס ביזטו עס מיט אַמאָל אַריינגעפאַלען אין אַזאַ פּאַטאָס? — רעדט גאָרדאָן הויך צו הערשמאַנ׳ען — חנה׳ן און גאָלדען איז פרעהליך, טאָ וואָס, ווילסטו נאָך? און דאָס, וואָס דיר איז לאַנגווייליג, ביזטו שוין אַזאַ מענש...

חנה צולאַכט זיך און גלעט דער שוועסטער די האָהר. די בלייכע דינע פינגער איהרע אויף דער שוועסטער׳ס שוואַרצע האָהר וועקען עפּעס קינדישעס און צאַרטעס ביי די בחורים אין די הערצער — מעהר ווי אַ נגון און מעהר ווי אַ מעשה׳לע, און עס דאַכט זיך זיי, אַז מען קען אָבגעבען דאָס לעבען, טהאָן

שוין דאָס גרעסטע און דאָס שענסטע פאַר אָט די מיידלעך, פאַר אָט דאָס צימער׳ל, פאַר אָט דעם טיש. און הערשמאַן זעצט זיך ווידער אַוועק, פערוואַרפט אַ פוס אויף אַ פוס, נעהמט אַרויס פאַפּיראָסען, פעררויכערט און טיילט די חברים און קוקט לאַנג אויף חנה׳ן, אַנ׳אונטערגעגעבענער און אַ שטילער. און דערנאָך זאָגט ער אַרויס:

— מען דאַרף עפּיס אויסקלערען ווי אַזוי צו פערברענגען די אָוועגדען... מאָרגען געהען מיר אין וואַלד! ביינאַכט אין וואַלד. מיר מאַכען אַ פייער, מיר שפּרינגען ווי שדים, מיר באַקען קאַרטאָפעל. וואָס, אַ שלעכטע אידעע?..

אַלע זענען מסכים, נאָר איין גאָרדאָן שווייגט. ער קען בשום אופן נישט פערשטעהן חנה׳ן, דאָס דאָזיגע דורכזיכטיגע און לופטיגע מיידעל, וואָס איז אַזוי קינדיש-שען און קלאָר און אַזוי מאַנסביליש-דונקעל און אונבעגרייפליך. נאָר מען מוז זי פאָרט פערשטעהן, מען מוז אָנשטרענגען אַלע קרעפטען און פער-שטעהן, אַז מען וויל, קען מען, איין מאָל פאַר אַלע מאָל — אַהין אָדער אַהער. עס איז נישט מעגליך, אַז זי זאָל איהם נישט ליעבען, עס איז נאָר מעגליך, אַז זי איז צו-ריין, צו-אונשולדיג אַרויסצוזאָגען דאָס נויטיגע וואָרט, און דעריבער ציהט עס זיך אַזוי. און ווידער קוקט ער אויף חנה׳ן מיט אַ פער-קנייטשטען שטערן און מיט פערקוועטשטע ליפּען, אַ פער׳עקשנ׳-טער און אַ נערוועזער. נאָר ביסלעכווייז ווערט די אָנשטרענגונג פערשוואונדען און ז׳אָס אויג זיינס גיסט זיך ווידער אָן מיט טרויער.

— איך בין איצט מאָדנע געשטימט, — קוקט ער אַ פער-טראַכטער, — איך וואָלט איצט געוואָלט ערגעץ אַוועקפאָהרען, ווייט, צווישען פרעמדע, אין אַלדי שוואַרציאָהר, למשל, אין מצרים... די אייגענע שטאָדט איז מיר מאוס געוואָרען... — טאַ-קע, נו, — ווערט ער מעהר אויפגעלעבט — איינער אַליין געהן צום וואָקזאַל, איינער אַליין אַריינזעצען זיך אין וואַגאָן, צווישען אונבעקאַנטע מענשען מיט פּעקלעך, האָבען עפּיס אין קעשענע אַ

בילעט און פאָהרען אָהן אַ סוף... יאָ, די אויגען דאַרף מען נאָר האַלטען אָפען...

— פאַרוואָס פאָהרט איהר טאַקע נישט? — פרעגט פרעמד און אונשולדיג חנה.

— ביי דער מינוט וואָלט איך עס געטהאָן. איך דאַרף אָבער האָבען אַ מעגליכקייט דערצו. — פערענטפערט ער זיך.

— עט! צו וואָס פאָהרען? מיר געהען מאָרגען אין וואַלד אַריין, — מישט זיך אַריין הערשמאַן.

ער שטעהט-אויף, געהט צו צו גאָלדע'ן, נעהמט זי אָן פאַר די הענד און גיט זי אַ וויעג אויפ'ן שטוהל. עס ווערט דערפון אַ גערויש, און גאָלדע, איינהאַלטענדיג זיך פון געלעכ־טער, ווינקט איהם, אַז עס פּאַסט נישט פאַר די עלטערן. ביי איהר רויטלען זיך די באַקען און דער שיין פון לאָמפּ טאַנצט אויף איהרע שוואַרצע האָהר. נאָר הערשמאַן איז שוין ביי חנה'ן, און ביי חנה'ן ענדערט זיך זיין פנים. אָנשטאָט פערשטיעפטקייט, דריקט עס איצט אויס צאַרטקייט און ענטציקונג. ער בויגט־אָן איבער איהר, אַ זיצענדיגער, דעם קאָפּ און קוקט איהר אין די האָהר אַריין, און זיינע ווינקלען ליפּען ציהען זיך אין אַ שמייכעל.

— אַ מאָדנע מיידעל איז חנה, — זאָגט ער דערנאָך אַרויס, אומקעהרענדיג זיך אויף זיין אָרט, — חלעבען, אַ מאָדנע מיידעל.

— פאַרוואָס אַ מאָדנע?

— אַזוי ווי אַ קינד זענט איהר און דאָך אַ געפעהרליכע...

— אַלס חאַראַקטער איז מיר גאָלדע אַ סך מעהר געפעלען. דאָ איז אַלץ דייטליך און אויפריכטיג, — זאָגט גאָרדאָן, פיה־לענדיג, אַז ער איז בעטריבט און פערגאַלט און איז אונגעהויער נישט אויפריכטיג.

חנה'ן בעליידיגט עס נישט, זי שמייכעלט ליעב און פריינדליך, און גאָרדאָן דערפיהלט זיך מיט אַמאָל עפּיס נאַריש און שרעקליך נישט אָנשטענדיג, און איהם דאַכט זיך, אַז ווען די מיידלעך וואָלטען געווען עטוואָס קליגער, האָבען זיי בע־דאַרפט מיט איהם איבעררייסען די בעקאַנטשאַפט. וואָס וויל

ער? וואָס קומט ער אַהער אָנוואַרפען אַנ'אומעט און פערשטערען זיי די אָוועגדען?

נאָר אַז מען האַלטביים אַוועקגעהן, ווערט איהם לייכט אויפ'ן האַרצען און איהם דאַכט זיך, אַז אומזיסט פייניגט ער זיך און איבער גאָרנישט קלעמט ער זיך. ער האָט נאָך גאָרנישט געשטעלט אויפ'ן וואָגשאָל און האָט נאָך גאָרנישט פערלאָרען. ער זעהט איצט בחוש, אַז ער איז דער נעהנטסטער צו חנה'ן, אַז דאָס מיידעל האָט איהם ליעב, און דאָס, וואָס זי רעדט נישט, איז עס בלויז אַזאַ נאַטור און נישט מעהר. די מיידלעך טהוען אָן די היטעלעך — זיי געהען זיך אויך דורך. און אַז חנה נעהמט אַראָב פון וואַנד דאָס ווייסע זומער-מאַנטעלע, חאַפּט עס ביי איהר גאָרדאָן אַרויס פון די הענד, שטעלט זיך ביי איהר פון פלייצע און אַ פרעהליכער און צוטאַנצענדיג, ציהט ער עס איהר אַרויף אויף די הענד, אָנבויגענדיג אַזוי נאָהענט צו איהר דעם קאָפּ, אַז ער פיהלט דעם ריח פון איהרע באַקען און דעם האַלז.

---

# III.

אין דעם גרויסען צימער איז שוין דער בליץ-לאָמפּ פערלאָשען און אויפ'ן טיש ברענט אַ קליין לעמפּעלע. עס איז האַלב-דונקעל און שטיל, אויף די ווענד די ענגען שאָטענס און קיינער זעהט זיך נישט. אפנים, אַז די עלטערן שלאָפען שוין, און עס איז שפעט. די בחורים מיט די מיידלעך געהען דורך דאָס צימער אויף די שפּיץ-פינגער און פאָרזיכטיג עפענען זיי די טהיר. און אַז זיי געהען אַרויס אין גאַס, בעפאַלט זיי די שטילע שוואַרצע זומער-נאַכט מיט'ן ווייכען שוויגענדיגען ווינדטעל, און טרוימעריש שלאָגען זיך אָב זייערע טריט איבער דער לאַנגער פערשלאָפענער גאַס, וואו עס שטעהען איינציגע פּאָנאַרען מיט געלע פערטראַכטע פייערלעך, און אויפ'ן ברוק פאַלט פון זיי אַ שמאָלער נעבעלדיגער פּאַס שיין, פון וועלכען עס קו-

קענ אַרויס די שטיינער, ווי פערשלאָפענע בלייכע קעפּלעך. פון אָנהויב געהט מען שוויינענדיג, און צווישען די בחורים קומט פאָר אַ געהיימער קאַמפף. הערשמאַן פערהאַפּט חנה׳ן און געהט מיט איהר פאָראויס. דאָס צווייטע פּאָר איז גראָד ציפּקין מיט גאָלדען, און גאָרדאָן געהט אַליין, פון הינטען, און שווייגט. עטליכע מאָל האָט ער געוואָלט אָבציהען חנה׳ן, מאַכען זי אויף עפּיס אויפמערקזאַם, אַזוי, אַז זייביידען זאָל אויסקומען צו געהן באַנאַנד. נאָר ווי אויף צו להכעיס רעדט הערשמאַן הויך, אי-בערשרייענדיג גאָרדאָנ׳ען, און חנה איז נאָר פעראינטערעסירט מיט איהם.

דאָס ערשטע מאָל דערפיהלט גאָרדאָן אַ האַס צו הערש-מאַנ׳ען. אַ מענש זאָל לחלוטין נישט פיהלען, אַז גאָרדאָן האָט איהר נויטיג וואָס צו זאָגען. נאָר אפשר וויל ער זי אויסהאַפּען, אויסקעמפּפען, צונעהמען? אפשר מיינט ער, אַז זי האָט איהם ליעב און קען איהם ליעב האָבען? אַזאַ מענש קען אַלץ קלערען און אין אַלץ זיך נאַרען. און גאָרדאָן טראַכט, אַז מעהר וועט ער נישט געהן צו די מיידלעך אין אָוונד, בעת די בחורים זענען דאָ. אָר בעזונדערס וועט ער נישט געהן צוזאַמען מיט הערשמאַנ׳ען. ער, הערשמאַן, איז אייגענטליך נישט קיין קלו-גער, אַ קול האָט ער אַ הילכיגען און אַ שווערען, אויף לאַכען איז ער יעדע רגע אַ בעלן, מיט געלד האָט ער זיך ליעב צו וואַרפען, וועלענדיג דערמיט בעווייזען זיין ברייטקייט, און אינ-גאַנצען איז דאָס עפּיס אַ זעלבסט-צופרידענע חיה, וואָס היט זיך רעזירען צו דער צייט, וואָס דרעהט די שפּיצען פון די וואָנסען און צום זייגעריל טראָגט ער אַ דין קייטעלע, פערצוי-גען איבער דער גאַנצער ברוסט, ווי ביי אַ בוכהאַלטער.

— גאָרדאָן, וואָס זענט איהר עפּיס פערטראַכט? — ווענדט זיך פּלוצלונג צו איהם גאָלדע, אָבקעהרענדיג צו איהם דאָס פּנים.

— איך ווייס אויך נישט... — קלאָגט ער זיך נישט-ווילענ-דיג, — עס קלערט זיך...

אַריינקומענדיג אין אַ נייער גאַס, צוטאַשט מען זיך איבער:

הערשמאַן געהט מיט גאָלדען און גאָרדאָן און ציפּקין מיט חנה׳ן. מען רעדט אַלץ דיזעלבע בעקאַנטע זאַכען. הערשמאַן געפינט איין, אַז צו גאָ׳דען וואָלט זעהר געפּרסט דונקעל-בלוי, אַ פאַרב, וואָס איהרע קליידער האָבען אַזוי ווי אויסגעמיידט. גאָרדאָן הערט נישט גוט דאָס געשפּרעך, נאָר חאַפּענדיג אין וואָס דאָ געהט, שלאָגט ער איבער הערשמאַג׳ען מיט אַן׳איינגעהאַלטענער בייזקייט, אַז דונקעל-בלוי איז בשום אופן נישט שען צו גאָל-דען. זי דאַרף נאָר טראָגען ווינטער — שוואַרצע קליידער און זומער — ווייסע, בעססער פון אַלע פּאַסען זיך צו איהר אָט די צוויי פאַרבען.

— ניין, איהר האָט אַ טעות, גאָרדאָן — בלוי פּאַסט זיך ווירקליך צו מיר. הערשמאַן איז גערעכט — זאָגט גאָלדע ערנסט — איך ווייס, איך האָב שוין אַזוינע קליידער אויך געהאַט.

— וואָס איז די ראיה? — גיט זיך גאָרדאָן נישט אונטער — איהר האָט זיך געקענט האָבען אַזוינע קליידער און זיי האָבען געקענט זיין נישט שען צו אייך...

— גאָר אַזוי? מיט אייך איז היינט נישט צו ריידען.

נאָר פעריידענדיג זיך מיט הערשמאַנ׳ען און גאָלדען, הערט ער זיך צו צו חנה׳ס קול און צו איהר געשפּרעך מיט ציפּקינ׳ען. דאָרט רעדט זיך גאָר וועגען געאָגראַפּיע. אָבער איהם איז אָנגענעהם איהר קול, וואָס איז אויך אַ דורכזיכטיגער, ווי זי גופא. נאָכ׳ן קול נאָך, זי נישט זעהענדיג, קען מען פיהלען, אַז דאָס רעדט אַ מיידעל נישט פון הויכער וואוקס, מיט געקרייזעלטע האָהר און מיט בלאַסע דינע הענד און, מיט אמאָל רייסט ער זיך אָב פון גאָלדען און נעהמט געהן מיט חנה׳ן. פון פּיפּקינ׳ען קען ער לייכט פּטור ווערען, לויט זיין מיינונג איז דאָס אַ שוואַכער געגנער, ער איז נישט אַזוי פערטהאָן אין מיידלעך. נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ שוואַכער געגנער, איז ער איהם בעזונדערס ליעב, און ער טראַכט, אַז אָט דער ציפּ-קין איז אייגענטליך אַ גוטער חבר און אַ וואוילער בחור, און נאָר בלויז דערפאַר, וואָס ער איז אַ שווייגענדיגער און נישט

קיין קריכער, איז זיין פּאָזיציע נישט פון די ערשטע צווישען די בעקאַנטע.

— לאָמיר אויסוואַרטען טאָג, ציפּקין, — זאָגט ער איהם — די מיידלעך וועלען דאָך לאַנג נישט אַרומגעהן, וועלען מיר די אַנדער האַלבע נאַכט פערברייגגען אין דרויסען.

— איך האָב עס ליעב אַליין, — זאָגט ציפּקין שטיל.

— איהר האָט עס ליעב אַליין?... — וואונדערט זיך חנה — גאָר אַליין?...

— אַמאָל נישט אַליין... — שמייכעלט ציפּקין פערבאָרגען.

אין די רייכערע גאַסען ברענען עלעקטרישע פּאָנאַרען. עס זעהען זיך איינציגע דורכגעהער צוזאַמען מיט'ן שאָטען. דער מענש אויפ'ן טראָטואַר, דער שאָטען אויפ'ן וואַנד. אין מיטען גאַס פינקלען ערטערווייז די שינעס פון טראַמוואַי, עס הענגט אַנ'איינציגער, אַ גרויסער בעגילדטער שטיוועל איבער אַ צוגעשלאָסענער שוסטער-קראָם, פון אַ נאַכט-רעסטאָראַן טראָגען זיך דורך די אָפענע פענסטער פאַלשע מיידעלשע שטימען, וואָס זינגען אַ זינדיג ליעדעל, און טריט ביי טריט, דאָ און דאָרט, פאָהרען פערשלאָפענע איזוואָזטשיקעס מיט פערוואָרפענע קעפּ אויף די אַקסלען. די פערד האַלטען גלייך די קעפּ, און עס דאַכט זיך, אַז זיי טראַכטען פאַר זיך עפּיס שטילעס, פילאָזאָפישעס און קלוגעס.

מען געהט פון איין גאַס אין אַ צווייטער, און יעדער וויים, אַז אַזוי געהענדיג, וועט מען פּאַמעליך אַרויסגעהן אויפ'ן בולוואַר, מען וועט זיך דאָרט זעצען אויף אַ באַנק, מען וועט אַ ביסעל ריידען, לאַכען, אויסקלערען פּלענער, וואו צו פערברענגען מאָרגען, און דערנאָך וועלען די בחורים בעגלייטען די מיידלעך אַהיים. און אַז מען קומט ווירקליך אויפ'ן בולוואַר, זענען שוין דאָרט וועניג מענשען פאַרהאַן. שווייגענדיג בלאַנקען די געמאָלטע בענק, פון צווישען די געדיכטע צווייגען קוקט אַרויס אויף דער אַלע דער גלעזערנער קאָפּ פון אַנ'עלעקטרישען פּאָנאַר, קליינע זומער-פליגעלעך זשומען אַרום זיין פייער און טיעף אין די קוסטעס טהוט אויף אַ ווייליע אַ פינקעל אַ ווייסער

מאַנסבילשער קראַגען און אַ ברעג פון אַ פּרויען-קלייד. דערנאָך דערהערען זיך עטליכע אָבגעהאַקטע ווערטער.

איבער די שפּיצען בוימער איז אויסגעשפּרייט אַ הימעל מיט בלישטשענדיגע ציטריגע שטערען. דער הימעל אַליין איז שוואַרץ און נידעריג, און אַז מען קוקט אויף איהם, דאַכט זיך, אַז ער איז וואַרים. און דונקעל איז אויף דער ערד, אונטער די צווייגען, דונקעל און שאָטענדיג, ווי עמיצער וואָלט דאָרט געלעגען אַנ׳איבערגעדעקטער איבער׳ן קאָפּ און וואָלט איינגעהאַלטען דעם אָטעם. נאָר עס איז אָנגענעהם צו געהן אין די פינסטערע אַלעען, וואו עס זענען נישטאָ קיין פּאָנאַרען און וואו עס דאַכט זיך, אַז באַלד וועט עמיצער, אַ שוואַרצער און אַ ברייטער, אַרויסשווימען פון אונטער אַ בוים.

— גאָרדאָן, זעהט, וואו זענען דאָס אונזערע? — האָט זיך חנה פּלוצלונג צוגעשטעלט.

— זיי געהען מסתמא אויף אַ דערבייאיגער אַלעע, — זאָגט גאָרדאָן און נעהמט געהן ווייטער.

און אָבגעהענדיג אַ טריט צעהן, דערפיהלט ער מיט אַמאָל אַ הייסען שטראָם בלוט, וואָס לאָזט נישט געהן ווייטער און לאָזט נישט שטעהן אויף איין אָרט. און באַלד ווערט איהם קלאָר, אַז היינטיגע נאַכט וועט געשעהן עפּיס וויכטיגעס. איצט איז ער פעהיג אָפען צו זאָגען חנה׳ן אַלץ, וואָס עס איז דאָ אויפ׳ן האַרצען — עס מעג זיך ענדיגען מיט וואָס עס וויל. דער דאָזיגער שטראָם לאָזט נישט זיין אָבהענגדיג. און נישט געפינענדיג דאָס וויכטיגע וואָרט און הערענדיג ווי עס קלאַפּט דאָס האַרץ זיינס, ווי ביי אַ מענשען, וואָס שווימט איבער אַ טיעפען טייך אין אַ זוניגען טאָג, זאָגט ער איהר האַסטיג אַרויס:

— איך קען מעהר נישט שווייגען, חנה... מיר איז פול דאָס האַרץ... פערשטעהט איהר דען אַליין נישט, און נישט נאָר פון היינט אָן, נאָר גלייך פון אונזער ערשטער בעקאַנטשאַפט, וואָס איך דאַרף אייך זאָגען? חנה, איהר וועט מיר ענטפערן?.. איהר וועט ריידען, חנה?..

און באַלד דערויף פיהלט ער שוין נישט וואָס ער רעדט.

עס דרעהען זיך די בוימער און עס וויעגען זיך די שטערען, אין דער שוואַרצער נאַכט האָבען זיך אַרײנגעריסען העלע שטי־קער טאָג, און זײ שפּרינגען אײנע איבער די אַנדערע, און ערגעץ װײט דונקעלט דער הימעל. נאָר דאָס אַלץ ציהט זיך מאָדנע לאַנג און געהט דאָך געשווינד אַריבער, מען קען נישט וויסען, צי לאַנג, צי קורץ, און אָט איז ווידער די שטילע נאַכט, דער דרעמלענדיגער בולוואַר, די בלאַנקענדע בענק, די עלעקטרישע פאָנאַרען, נאָר ער, גאָרדאָן, איז איבערגעקומען אַ שווערע מניעה, און טאַקי געוואונען עפּיס אַ גרויסע זאַך, אָט ערשט, אָט נאָר־וואָס, נעבען די דאָזיגע בוימער און עלעקטרישע לעמ־פּלעך, און דאָס האַרץ צאַפּעלט און וויל אַרויסשפּרינגען. און אַ סך ליעבער פון ריידען איז איבערטראַכטען פאַר זיך, אין דער שטיל, מיט איהר געהענדיג, די לעצטע ווערטער ביידענס, וואָס פילען אָן דאָס פערצאַפּעלטע האַרץ מיט אונרוהיגען הייסען בלוט.

— האָסט מיך ליעב, חנה׳לע? ליעב?..

— ליעב... ליעב... — ציטערט עטוואָס איהר קול.

גאָרדאָן וויל מעהר נישט פרעגען און ער דערפיהלט אַ זיסע וואַקלעניש אין די קניה. נאָר אין אַ ליכטיגער אַלעע בעגעגע־נען זײ גאָלדען מיט די צוויי בחורים. יענע שטעלען זיך האַסטיג אָב און מאַכען פערוואונדערטע אויגען. און אַלע בעהמען ריידען אין איין קול:

— סטייטש, מיר האָבען דאָך אייך געזוכט איבער׳ן גאַנצען בולוואַר! וואו זענט איהר געווען?

— דעם גאַנצען בולוואַר אַדורכגעגאַנגען, — זאָגט הערשמאַן מיט פאָרוואורף.

— מיר האָבען אייך געזוכט... — זאָגט גאָרדאָן מיט אַנ׳־אונפערבאָרגענער און צומישטער נישט־אויפריכטיגקייט.

ער קוקט אויף חנה׳ן. זי איז דיזעלבע, ווי פריהער, ווי אַלעמאָל, און קיינער וועט בשום אופן נישט פערשטעהן אויף איהר, אַז זי האָט נישט לאַנג אַרויסגעזאָגט זעהר אַ וויכטיגע פראַזע פאַר אַ בחור, וואָס נישט זי און נישט דער בחור ווע־לען זי פערגעסען. און דאָס איז עפּיס פערדראָסיג און בעליידי־

גענד. פאַרוואָס איז אויף איהר פּנים קיין פערענדערונג נישטאָ? פאַרוואָס איז זי רוהיג? פאַרוואָס לייגט זי נישט? פאַרוואָס איז זי דיזעלבע ווי אַלעמאָל? און אַז אַלע צוזאַמען געהען אַרויס פון בולוואַר, בעגיסען זי צוויי עלעקטרישע פאָנאַרען מיט אַ בלייכען שיין, די מאַטעווע באַקען איהרע ווערען דורכזיכטיג-בלייך, די געקרייזעלטע האָהר, וואָס האָבען אַ פאַרב פון אַש, ציטערן ווייך און גלאַט אונטער דעם עלעקטרישען שיין, און עס וועהעט פון איהר מיט אונשולד און מיט פרעמדקייט.

— גאָלדע, — ווענדט זי זיך צו דער שוועסטער, — מיר געהען אַהיים?

— נו, יאָ, מען בעגלייט אונז אַהיים, — ענטפערט גאָלדע.

חנה שטעלט זיך צו אַ ווילע, גיט זיך אַ שפּיעל מיט איהר שירמ׳ל, פערטראַכט זיך פּלוצלונג און זאָגט דערנאָך מיד און שטיל אַרויס:

— איך וויל נישט געהן מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע. ציפּקין, פיהרט מיך אָב אַהיים...

ציפּקין טהוט זיך האַסטיג און חיטרע אַ ריס פון אָרט, פונקט ווי ער וואָלט נאָך פון פריהער געווען גרייט דערצו, און, נעהמענדיג זי אונטער׳ן אָרעם, פערשווינדט ער מיט איהר לאַנגזאַם אין אַ זייטיגען געסיל.

